


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
אונ פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

5

מינסק — 1937

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 5 — דריטצנטער יאָרגאנג — 1937 מײַ

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר

# וועגנ א לערנבוכ איבער דער געשיכטע פונ דער אלקפ(ב)

## א בריוו צו די צונויפשטעלער פונ א לערנבוכ איבער דער געשיכטע פונ דער אלקפ(ב)

איכ האלט, אז אונדזערע לערנביכער איבער דער געשיכטע פונ אלקפ(ב) זײַנענ ניט צופרידנשטעליק איבער דרײַ הויפט־סיבעס. ניט־צופרידנשטעליק אָדער דערפאר, ווײַל זיי גיבנ איבער די געשיכטע פונ דער אלקפ(ב) אָנ א צוזאמענהאנג מיט דער געשיכטע פונעם לאנד; אָדער דערפאר, ווײַל זיי באגרענעצנ זיכ מיט דערציילנ, מיט איינפאכנ באשרײַבנ די געשעענישנ און פאקטנ פונעם קאמפ פונ די שטרעמונגענ, ניט געבנדיק די נייטיקע מארקסיסטישע דערקלערונג; אָדער גאָר דערפאר, ווײַל זיי לײַדנ אפ ניטריכטיקײַט פונ דער קאָנסטרוקציע, אפ ניטריכטיקײַט פונ דער פעריאָדיזאציע פונ די געשעענישנ.

קעדיי באפרײַענ זיכ פונ די דאָזיקע כעסרוינעס, דארפנ די אווטאָרנ דיסקאָנטירנ א ריי באטראכטונגענ.

ס'איז נייטיק אינ אָנהויב פונ יעדנ קאפיטל (אָדער אָפטייל) פונעם לערנבוכ געבנ א קורצע היסטאָרישע ספראווקע וועגנ דער עקאָנאָמישער און פאָליטישער לאגע פונעם לאנד. אָנ דעמ וועט די געשיכטע פונ דער אלקפ(ב) אויסזענ ניט ווי א געשיכטע, נאָר ווי א לײַכטע און אומפארשטענדלעכע דערציילונג וועגנ פארגאנגענע געשעענישנ.

ס'איז נייטיק, צווייטנס, ניט בלויז אויסלייגנ די פאקטנ, וואָס דעמאָנסטרירנ די שעפע שטרעמונגענ און פראקציעס אינ דער פארטיי און אינעם ארבעטער־קלאס אינעם פעריאָד פונ קאפיטאליזמ אינ ססר, נאָר אויכ געבנ א מארקסיסטישע דערקלערונג די דאָזיקע פאקטנ, אָנווײַזנדיק א) אפ דעם פאראנגענזײַנ סײַ פונ נײַע, מאָדערנע פונעם שטאנדפונקט פונעם קאפיטאליזמ קלאסנ, סײַ אויכ פונ אלטע, פאר־קאפיטאליסטישע קלאסנ אינעם פאר־רעוואָליוציאָנערנ רוסלאנד, ב) אפנ קליינבירגער־לעכנ כאראקטער פונעם לאנד, ג) אפנ פארשיידנארטיקנ באשטאנד פונעם ארבעטער־קלאס—אלס אפ באדינגונגענ, וואָס האָבנ באגינסטיקט די עקזיסטענצ פונ א גרויסער צאָל שטרעמונגענ און פראקציעס אינ דער פארטיי און אינעם ארבעטער־קלאס. אָנ דעמ בלײַבט די שעפע פראקציעס און שטרעמונגענ אומפארשטענדלעכ.

ס'איז נייטיק, דריטנס, ניט בלויז איבערגעבנ אינ א טאָנ פונ אנ איינפאכער דערציילונג די פאקטנ פונעמ פאר־ביטערטנ קאמפ פונ די שטרעמונגענ אונ פראקציעס, נאָר אויכ געבנ א מארקסיסטישע דערקלערונג די דאָזיקע פאקטנ, אָנווײַזנדיק, אז דער קאמפ פונ די באָלשעוויקעס קעגנ די אנטיבאָלשעוויסטישע שטרעמונגענ אונ פראקציעס איז געווענ א פרינציפיעלער קאמפ פארנ לעניניזמ, אז אינ די באדינגונגענ פונעמ קאפיטאליזמ אונ ביכלאל אינ די באדינגונגענ פונעמ פאראנענזײַנ פונ אנטאגאָניסטישע קלאסנ זײַנענ אינערלעכ־פארטייישע ווידערשפרוכנ אונ מיינונגס־פארשיידנהײַטנ אנ אומפארמײַדלעכקײַט, אז די אנטוויקלונג אונ די פארפעסטיקונג פונ די פראָלעטארישע פארטייענ קאָנ בא די אָנגעוויזענע באדינגונגענ פאָרקומענ בלויז אינ אָרדענונג פונ בײַקומענ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ, אז אָנ א פרינציפיעלנ קאמפ קעגנ די אנטילענינישע שטרעמונגענ אונ גרופנ, אָנ דעמ בײַקומענ זיי, וואָלט אונדזער פארטיי אומפארמײַדלעכ איבערגעבוירנ געוואָרנ ווי עס זײַנענ איבערגעבוירנ געוואָרנ די סאָצ.־דעמ. פארטייענ פונעמ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, וואָס נעמענ ניט אָנ אזא קאמפ. מע וואָלט געקענט דערבײַ אויסנוצנ דעמ באַרימטנ בריוו פונ ענגעלסנ צו בערנשטיינענ אינ 1882 יאָר, וואָס איז געבראכט געוואָרנ אינעמ ערשטנ קאפיטל פונ מײַנ פאָרטראג אפ דעמ 7־טנ פארברייטערטנ פלענומ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ „וועגנ דעמ סאָצ.־דעמ. אָפנויג״ אינ דער אלקפ(ב), אונ מײַנע קאָמענטארנ צו אימ. אָנ אזוינע דערקלערונגענ וועט דער קאמפ פונ די פראקציעס אונ שטרעמונגענ אינ דער געשיכטע פונ דער אלקפ(ב) אויסזענ, ווי אנ אומפארשטענדלעכע סקלאָקע, אונ די באָלשעוויקעס,—ווי פארפאלענע אונ אומגעצוימטע סקלאָטשניקעס אונ מאכלויקעס־מאכער.

ס'איז נייטיק, ארײַנברענגענ א וועלכע עס איז אָרדענונג אינ דער זאכ פונ פעריאָדיזירנ די געשעענישנ פונ דער געשיכטע פונ דער אלקפ(ב).

איכ האלט, אז די אונטנ־געבראכטע, אָדער אנ ענלעכע צו איר, סכעמע וואָלט געקאָנט געלייגט ווערנ אינ גרונט.

## סכעמע:

1

דער קאמפ פאר שאפנ א מארקסיסטישע, סאָצ.־דעמאָק. פארטיי אינ רוסלאנד.

(פונ דער אויסבילדונג פונ דער פלעכאנאָווישער „גרופע פונ ארבעטס־באַפרײַונג״—1883 י. ביז דער אנטשטייונג פונ די ערשטע נומערנ „איסקרא״—

(די יאָרנ 1900—1901)

2

די אויסבילדונג פונ דער רוס. סאָצ.־דעמ. ארבעטער־פארטיי אונ דאָס אנטשטײַנ פונ פראקציעס באָלשעוויקעס אונ מענשעוויקעס אינעווייניק אינ דער פארטיי.

(די יאָרנ 1901—1904)

3

די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פון דער רוסיש־יאפּאַנישער מילכאָמע און פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע.

(די יאָרן 1904—1907)

4

די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פון דער סטאָליפּינישער רעאקציע און די אויספורעמונג פון די באָלשעוויקעס אין א זעלבשטענדיקער סאָצ.־דעמ. ארב.־פּארטיי.

(די יאָרן 1908—1912)

5

די פּארטיי באָלשעוויקעס אין די יאָרן פון אופשטייג פון דער ארבעטער־באוועגונג פאר דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

(די יאָרן 1912—1914)

6

די פּארטיי באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און פון דער צווייטער רוסישער פעוראַל־רעוואָליוציע.

(יאָר 1914 — פעוראַל—מארט—1917)

7

די פּארטיי באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פון צוגרייטן און דורכפירן די סאָציאַליסטישע אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

(1917—1918 אפּרעל)

8

די פּארטיי באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פון בירגער־קריג.

(די יאָרן 1918—1920)

9

די פּארטיי באָלשעוויקעס אינעם פעריאָד פונעם אריבערגאנג אף פרידלעכער ארבעט פון אופשטעלן די פאָלקס־ווירטשאפט.

(די יאָרן 1921—1925)

10

די פארטיי באָלשעוויקעס אינעם קאמף פאר דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאציע פונעם לאנד.

(די יאָרן 1926—1929)

11

די פארטיי באָלשעוויקעס אינעם קאמף פאר דער קאָלעקטיוויזאציע פון דער לאנדווירטשאפט.

(די יאָרן 1930—1934)

12

די פארטיי באָלשעוויקעס אינעם קאמף פאר פארענדיקן די בויונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט און דורכפירן די נײַע קאָנסטיטוציע.

(די יאָרן 1935—1937).

„באָלשעוויק" נומ. 9, 1937.

י. סטאלין.

דער ניסטער

# אפ „פּרעטשיסטער“ יאריד

(א קאפּיטל פונעמ ראָמאנ „די מישפּאָכע מאשבער“)

... זאָל אונדז דאָ דערלויבט ווערנ זיכ לענגער אָפּשטעלנ אונ זאָגנ אויספירלעכ וועגנ „פּרעטשיסטע“, ווײַל די גרויס אונ ראָל פונ דעמ יאריד האָט ניט נאָר פאר די N־טער שטאָט־לײַט, נאָר, ווי מ'וועט זענ, אויכ פאר אונדז א פיל גרעסערנ אינטערעס אינ באדײַט, ווי געוויינלעכ אנדערע יארידימ.

פאר אלעמענ האָט דעמלט אויסגעזענ די שטאָט, ווי א באלאגערונגס־לאגער. טויזנטער אונ איבערטויזנטער פּויערימ, שליאכטע, הענדלער, פּריצימ, ליוועראנטנ, ציגײַנער, בעטלער אונ גאנאָווימ, האָבנ זיכ אהינ, אינ N, פונ נאָענטע, פונ ווײַטע אונ גאָר ווײַטע קרײַזנ אונ קאנטנ געצויגנ—אפ פורנ, אפ פערד־אונ־וועגעלעכ, אפ קאָטשנ, קארעטעס, רײַטנדיק אונ אויכ צופוסגייענדיק.

די שטאָט איז געווענ צו ענג אפ זיי אלעמענ ארײַנצונעמענ. פיל זײַנענ דערומ געבליבנ לאגערנ ארומ דער שטאָט. דער גרויסער ראָוו אָבער, וועמענ ס'האָט געגליקט אונ זיכ יאָ אײַנגעגעבנ אינ שטאָט ארײַנ, האָט פארנומענ:—וווּ א פלאצ, איז א פלאצ, וווּ ניט קיינ פלאצ, איז ניט, איז וווּ ס'ניט איז—אפ א גאס, א געסל, א סיטקע, א ליקל, אבי נאָר אָרט, וווּ פורנ האָבנ זיכ געקאָנט ענג איינס לעבנ אנדערנ אויסשטעלנ אונ מענטשנ זאָלנ שוינ ניט האָבנ אפילע וווּ זיכ דורכצורוקנ.

א טאָג פריִער פארנ יאריד האָבנ זיכ ארײַנגעצויגנ אינ N פונ אלע שליאכנ, וועגנ אונ ראָגאטקעס פּויערשע פורנ מיט אָפּגעשניטענעמ פונ פעלד, מיט אָפּגעריסענעמ פונ סאָד אונ גאָרטנ, אונ אויכ מיט אויסגעהאָדעוועטע שטוב־ אונ פעלד־באַלעכאַימ—ווער מיט א קו צומ וואָגנ צוגעבונדנ, ווער מיט א קעלבל אונטערנ וואָגנ, ווער מיט א לאָשעקל לעבנ די פערד לויפנדיק, אונ ווער ס'האָט געהאט א כאזערל אָדער עטלעכע אפנ וואָגנ אינ א זאק ליגנ אונ קוויטשענ.

טויזנטער קולעס האָבנ זיכ געהערט, ווענ דאָס אלצ איז, פונ אלע זײַטנ אָנקומענדיק, אינ שטאָט זיכ צוזאמענגעפּאָרנ: א מעקענ פונ קי, וועלכע זײַנענ פונ זייערע היימישע שטאלנ אונ טשערעדעס ארויסגעריסנ געוואָרנ, א הירזשענ פונ יונג־פערד אונ לאָשעקלעכ, נישט געוווינטע צו ראַש אונ ענגשאפט פונ שטאָט, א קווי־

טשערײַ פונ כאזיירים, וועלכע האָבנ זיכ פארשידנ אפ די געמבעס געריסנ, ווי פארנ קיילענ, פארנ שעכטנ.

דער טומל אויסערגעוויינלעכ—פונ אלעמ דעמ, וואָס איז אינ שטאָט פונ אויסנ געבראכט געוואָרנ אפ דאָ אָפצווועצנ אונ פארקויפנ, אונ פארנ געלט, וואָס איז אָפּ־געלייזט געוואָרנ, טאקע באלד דאָס אפנ אָרט אויסגעגעבנ צו ווערנ, קעדיי שטאָטישע זאכנ אײַנצוהאנדלענ, ווי ביליקנ צעלניק, רימערײַ אונ געשפאנ־זאכנ, קליידער, שיכ, טוכ, טיכלעכ, שאלנ פאר מענער, קינדער, דערהויפט אָבער, פאר פויערשע פרויענ אונ טעכטער, פאר וועלכע די שטאָט האָט זיכ געפלײַסט אונ זייער געשמאק, זייערע באליבטע שטאָפ־מוסטערנ אונ פארבנ געקאָנט, געוווּסט אונ אויסגעלערנט.

דאָס געזומל, ווי פונ א געוויסער. באזונדערס, אפ די „טאָרהאָוויצעס“, אפ די גרויסע יאריד־פלעצער, ווו פערד אונ קי זײַנענ פארקויפט אונ אײַנגעהאנדלט געוואָרנ; דאָרט, וווהינ ליווערואנטנ האָבנ גאנצע פארטיעס פערד געבראכט—בעסערע—פאר פרי־צימ, געמיינערע—פאר שליאכטע—אונ דאָרט זיי אויסגעפרוווט, די קוינעמ זייער גאנג אונ לויפ־פייִקײַט צו באווײַזנ; דאָרט, ווו גאנצע טעג האָבנ בײַטשנ געקנאקט, פערד זײַנענ, צו שטריק געבונדנ, אינ א קרײַז אָדער ניט אינ קיינ קרײַז אומגעלאָפנ, אונ אוילעמ, גרויסער אוילעמ, סײַ קויפער, סײַ גלאט נײַגעריקע, האָבנ באשעפטיקט, אָדער ליידיקגייעריש, יענע קרײַזנ ארומגעשטעלט.

דאָרט, אויכ ציגײַנער מיט פויערשע פערד האָבנ מיט קנאקנדיקנ לאָשנ אונ מיט שווינדל־קאָמפאניעס די פויערימ געוואָלט נארנ, אונ יענע האָבנ זיכ ניט געלאָזט, ניט גלויבנדיק, אונ גוט קענענדיק די ציגײַנער. זיי, די פויערימ, האָבנ שאָענלאנג זיכ געדונגענ, לאנג זיכ רעדלעכוועײַז געײִשעוועט, פיל מאָל דעמ האנדל באקוקט אונ אימ אויסנעפרוווט, אונ לעסאָפ דאָכ געהאנדלט אונ זיכ אויכ, א מאָל מער, א מאָל ווייניקער, טאקע ארײַנגענארט.

אפ די טוווע־מארקנ האָבנ מערסט יידנ געהאנדלט, געשוויצט אונ געשווינדלט. יעדער האָט זײַנע פונ לאנג באקאנטע פויערימ אָפגעזוכט אונ מיט זיי געוויינלעכ געשעפט געשלאָסנ—ווייניקער לוינבאר, נאטירלעכ, פארנ פאוקייפער, מער פארנ אײַנ־קויפער, אָבער דאָכ אינ דער מאָס אונ אינ דער גרענעצ פונ לוינבארקײַט, ווײַל פאָרט האָט מענ דאָ צו טאָנ מיט באקאנטע, מיט לאנגיאָריקע קוינעמ. פארשטענד־לעכ אָבער, אז מיט ניט־באקאנטע, מיט צופעליקע קוינעמ, איז מענ זיכ שוינ אביסל ערגער באגאנגענ אונ פיל מער געשווינדלט.

דאָרט האָט מענ געקאָנט זענ ווי לעבנ טוווע־וואָגנס, פונ היפשע קרײַזנ פויע־רימ ארומגערינגלט, וועגט מענ טוווע, אינ גרויסע זעק אונ לאנטעכער געבראכט פונ פויערשער היימ, אָדער פונ ווײַטע פריצישע עקאָנאָמיעס. די פריצישע עקאָנאָמענ, אָדער די פויערימ־אייגנטימער פונ דער טוווע, זײַנענ מיט קלאָרנ כעזשבנ געקומענ, מיט געוויסער צאָל אונ מאָס: אזויפיל אונ אזויפיל מעסטלעכ, קאָרעצ... אונ וויִאזוי אונטער די הענט, אָט דאָ טאקע, אפ דער וואָג ליגנדיק, אונ בא זיי אפ די אויגנ, ווערט בא זיי זייער אייגנטומ, אָדער דאָס אייגנטומ פונ זייערע באלעבאטימ־פריצימ, אײַנגעשרומפנ. אונ דאָס קומט פאָר אראנק דעמ, ווײַל דער קויפער פונ דער טוווע פעלשט, שטעלט אונטער א פוס אונטער דער וואָג, שטעלט זײַנ לעבנ אײַנ אינ קאָנ, ווײַל אויב מ׳וואָלט דערזענ, איז ער מיט לײַב אונ לעבנ ניט זיכער אונ

מיט קיין גאנצנ אייוועד וואָלט ער שוין ניט ארויס פונ קרײַז. ביידע שוויצנ, סײַ דער קויפער, ווײַל אנגסט אונ טויט־שרעק האָבנ זיך אים איינ שווייס פארוואנדלט, סײַ אויך די פארקויפער, ווײַל זיי שטייענ געפלעפט, כידעשנ זיך, וווּנדערנ זיך, קאָנענ בעשומויפנ ניט גלויבנ, אז זיי האָבנ, איינדערהיים ווענגדיק, אזא גראָבנ טאָעס געהאט, צוזעענדיק, ווי א שטיק כעזשבנ אונ פארמעגנ גליטשט זיך זיי פונ די הענט ארויס, אונ זיי קאָנענ זיך גאָרניט העלפנ, ווײַל וואָס קאָנ מענ מאכנ, אז וואָג איז דאָך פאָרט וואָג?..

אזוי די קליינע הענדלער, מערסטנטײל, אָרעמע איבערקויפער, אזוי אָבער אויך דער גרויסער ראָוו ציגײַנער, ליוועראנטנ ביז פריצים אפילע, וואָס זיי אליינ שטייענ ווי פונ ווײַטנ, מישנ זיך, קלוימערשט, ווייניק איינעם פארהאנדלענ דאָס, וואָס זיי האָבנ אהער אפנ יאריד געבראכט פונ פערד, פלאקס, טוווּ־מוסטערנ אינ טיכלעך איינגעבונדנ, קעדיי גרויסע פארטיעס אפ דער בירזשע צו פארקויפנ. אָבער דערפאר טוענ די פארטרעטער זייערע—זייערע אָנגעשטעלטע, פארוואלטערס אונ עקאָנאָמענ—דאָס, וואָס לאָזט זיך טאָנ אינ אזוינע פאלנ, אינ אזוינע גרויסע יארידימ, בייסנ היציקנ האנדל, ווענ דער טומל איז גרויס אונ די לופט פול שווינדל.

אויך גאנאָווימ, פאָשעטע קעשענע־לײַט, שטייענ דעמלט ניט אָפּ, טוענ זייער זאך, ווי די „מעלאָכע“ אונ די הייסע צײַט פאָדערט. צו די היימישע, שטאָטישע גאנאָווימ קומענ דעמלט אָנ, פונ אלע עקנ, פונ ווײַטע קרײַזנ אהער זיך צוגעשטעלט, אויך פרעמדע—פלינקע הענט, גאָלדענע פינגער, זשוואווע שלעפער דרייענ זיך צווישנ פערד אונ וואָגנ, דאָרט ווו ענג, ווו א געזעמל, רײַבנ זיך אינ געדיכטעניש, רײַבנ זיך ניט אומזיסט, נוצנ אויס די קענטעניש, קעדיי זיך צו דער צײַט וואָס גיכער אָפּטראָגנ אונ זיך ארויסרוקנ, אונ אויך, ווענ זיי האָבנ די צײַט, די רעכטע צײַט פארשפעטיקט אונ זיי ווערנ געפאקט—נוצנ זיי אויס די קענטעניש אזוי, אז זיי זאָלנ געשלאָגנ ווערנ נישט אינ די ערטער, ווו די שלעגער ווילנ, נאָר אינ יענע, ווו זיי לוינט, ווו ס׳וועט זיי אמווינציקסטנ שאטנ, זיי זאָלנ ארויס אָנ א מום, אונ זיי זאָלנ די „ארבעט“־פײַיקײַט אפ א לאנגער צײַט ניט פארלירנ.

אָט אזוי, ווער ס׳נארט גרויס, ווער קליינ, ווער ס׳גאנוועט מער, ווער—ווייניקער.

אָבער ס׳מאכט ניט: גנייווע איז גנייווע, אונ יאריד בלײַבט יאריד, אונ פונ מאָל צו מאָל פארגעסט מענ, ווײַל דאָס לעבנ אונ די נויט אינ שטאָט־אונ דאָרפפארקער ווערט פונ דער גענארערײַ ניט מינדער—אינ געוויינלעכע יאריד־טעג, בּיפראט „פרעטשיסטע“.

סאָפקאָלסאָפ איז דאָך פרעטשיסטע, אויסער א יאריד—אויך א שטיק יאָנטעוו. פאר אלעמענ—פאר פויערימ, וואָס נאָכנ האנדל פארברענגט מענ אינ די שענקענ. אנדערע, וועלכע די שענקענ קאָנענ שוינ ניט ארײַנעמענ, טרינקענ אליינ אָדער צוזאמענ מיט באקאנטע פונ אייגענע אונ נאָענטע דערפער איינדרויסנ, אונטערנ הימל, אפ די גאסנ, אפ די הויפנ, אפ די פלעצער—אפ די וואָגנס, אָדער אפ דער ערד אויסגעזעצטע, אויסגעלייגטע אויך אונטער די וואָגנס.

יאָנטעוו פאר פויערשע פרויענ, וואָס טאָמער אפנ יאריד טוענ זיך מיט עפּעס באנײַענ, מיט א פארביק טיכל, פארטעך, קליידל, שטיוול א. א. וו.; פאר קינדער, וואָס ווערנ אמאָל מיטגענומענ—א היטל, די גרויס ווערליק פארנ טאטנ, אפנ קליינעם

קעפל אָנצוסאָן, מיט א גרויסן דענעק און לאַקירענעם דאשעק, וואָס ס'זעט דערפון די וועלט ניט ארויס, און דאָך איז דאָס אָנגעסאָן, און טאטע-מאמע שפיגלט זיך און זײַנען צופרידן...

נישט געקוקט אפן געגאַרעריַ, פארגינט זיך דאָך דער גרויסער פויערישער אוילעם אפן יאריד דעמלט אביסל פון דאָרפישן שטארק-שפאָרזאמען געדער ארויסצוגיין, און אויסער די געבראכטע מײַכאָלים פונדערהיים—ברויט, כאזער—ווערט דעמלט אויך א מין שטאָט-מײַכל מיט גרויס גיריקייט געפרוווט, ווי א האלב ווײַסע בולקע; אמאָל פאר ווײַבער און קינדער—א קרענצל הארטע בייגל, הארט ווי שטיין פון א גאנצ יאָר זון אום זומער און ווינטער אפן פראָסט אויסגעטריקנט, וועלכע זײַנען בא די ברויט-שטעלן געהאנגען, ביז זיי האָבן זיך אפן יאריד אויסגעוואַרט. ס'ווערט אפילע אמאָל א צוקערקע אײַנגעקויפט, הערינג, קוואס און אנדערע שטאָט-זאכן. אויך פרוכטן, וועלכע ווערן אין דאָרף ניט געזען, ווי קאַרטעפעס, וואָס גרויס און קליין,—פויערים, פויערשע פרויען און קינדער,—זופן פון זיי די זיסע יושקע מיט פארגעניגן און האָבן פון זיי דערנאָך די פענעמער, די נעז ביז די אויגן נאס און קלעפיק.

אזוי דער פּאָשעטער אוילעם. די מער פארמעגלעכע פארברענגען בא בעסער פארגרייטע מײַכאָלים פון פישן, פליישן און אלערליי געוואלצנס אפ שענקערשע טישן, מיט מאשקע און מיט הויכן געזאנג דערצו.

די שענקען דעמלט איבערפולט. טיש און בענק באזעצט מיט פארמעגלעכע פויערים, מיט פויערשע ווײַבער, וואָס די פענעמער זײַנען שוין בא זיי רויט פון געטראנק. בא די פויערים די מארינאַרקעס שוין צעשפיליעט, און בא די פויערטעס—די קאָפּ-טיכלעך צעבונדן, און מ'רעדט, מ'שרײַט אלע אינײנעם, און מ'הערט שוין ניט איינער דעם צווייטן, און אינמיטן געריידר און געזאנג קושט מען זיך, און די קוילעס און די געדעמפטע לופט פון שענק לאָזט זיך שוין אפ היפש ווײַטער פון שענק ארויספילן...

דאָרט, אין די ביליקע שענקען—פויערים. אפ א שטאפל העכער, ווי אין שאָלעמארנס ווײַנשענק—שליאכטוועס, שוין באלאָנים אפן ווײַן, אפ פײַנערע מאשקאָעס, אויך אפ איידעלערע מײַכאָלים, אפ בעסערער געזעלשאפט און מער לײַטישער באדינונג.

דאן, אין די פריצישע אכסאניעס, אין די בעסערע אײַנפאָרהײַזער, ווו ס'שטייען אײַן נאָר גוטסבאזיצער, ביז די הי־קאנטישע גראפן און פירשטן אפילע, אין יענע אײַנפאָרן ווערן דעמלט געבראכט מיטעקן, אין די בעסט-מעגלעכע קיכן באשטעלט, און פונעם באוווסטן „גאנײדן״-קלייטעלע, ווי מ'פלעג דאָס קליײטעלע אין N רופן, ווערט צוגעשטעלט אזוינס, וואָס די שטאָט, די רײַכסטע אפילע, פארגינען זיך דאָס קיינמאָל, ווײַל יענע זאכן זײַנען פארגרייט און באשטימט נאָר פאר פריצים, וועלכע מ'האָט א גאנצ יאָר אינזינען.

דאָרט, אין יענע אכסאניעס, זײַנען אָפט נאָכן געשעפט-טאָג אויך פארשידענע הוליאנקעס אײַנגעאָרדנט געוואָרן, וואָס פון יאָר צו יאָר האָבן זיי פריצים פארגעדענקט, און אפן צווייטן יאָר „פרעטשיסטע״ האָבן זיך פריצים ווידער אהין פארזאמלט און ווידער די זעלבע און ענלעכע אײַנגעאָרדנט.

טישן האָבן זיך געבראָכן. די אייגנטימער פון „גאנײדן״ האָבן זיך געמיט

און פונ בעסטע היגע און אויסלענדישע מארקעס ווײַנען פאר יענע טעג, פאר די שטענדיקע באשטעלער אויסגעבאהאלטנ; בעסטע פרוכטנ, אזש פונ די ווײַטסטע ערטער פונ היגנ לאנד, דאנ—פונ פרעמד, אזש פונ טערקײַ א. א., פרישע און בעטריקנטע; בעסטע פישנ און געזאלצנס,—און די ווענט פונ יענע אכסאניעס האבנ איב די אוונטנ אפ יענע הוליאנקעס געזענ אזוינס, אזא פארשווענדערישקײַט און פריציש־פירשטלעכע פארגינערײַ, וואס א גאנצ יאר, בא אנדערע אײַנשטייער, אוואדע און געוויס קיינמאל.

דאס איז עלטערע פריצימ. אפגערעדט שוינ פונ ייִנגערע, ווענ זיי פלעגנ זיכ אמאל אנ ענגערע קאמפאניע פארזאמלענ, אנ פרעמדע אויגנ און אנ דער אנוועזנהײַט פונ אזוינע, וואס קאנענ זיי פאר זייערע עלטערנ אדער פאר זייערע אפעקונעס צוקלאגנ. דארט, אינ אזא א קאמפאניע, איז שוינ אפט אפגעטאנ געווארנ אזוינס און געהוליעט געווארנ אפ אזא אויפנ, ווי נאר אינ די אויסלאנדס האבנ זיי זיכ אופגעפירט,—אינ יענע שטעט און ערטער, ווו יונגע פריצימ, גרעפישע זינדלעכ פלעגנ געשיקט ווערנ, קלוימערשט, זיכ לערנענ, און אינ דער עמעסנ זייערע מעשרגענע יונגע טעג און די גרויסע, בעירושע זיי אויסגעפאלענע, קאפיטאלנ אוימברענגענ.

אט פונ זייערטוועגנ האבנ זיכ אינ דער צײַט פונ יאריד א גרויסער שטאט, פאר אלעמענ, אייגענע מענטשנ, געמיט. מענטשנ, וועלכע זײַנענ פונ זייערע היימענ, פונ זייערע עלטערנ זיי אכגעשיקט געווארנ, זיי אינ וועג צו באדינענ, און אויכ געוויסע שטאט־לײַט, מינע פינצטערע, בא די וועגט זיכ רוקנדיקע פארשוינענ, ווי געלט־ און אווירע־מעקלער, וואס דורכ זיי איז אלצ צו זייערע יארידישע פארגעניגנ צוגעשטעלט געווארנ, אלצ, וואס האט זיכ זיי פארגלוסט, אלצ, וואס אינ זייער צעהיצטער פאנטאזיע איז אופגעקומענ. אנהויבנדיק פונ אויסגעלאסענער שיקרעס און ענדיקנדיק מיט יענע סארטנ פרויענ, היגע און אויכ אנדערע, ספעציעל אפנ יאריד פונ ערגעצ אנדערש ארויפגעבראכט אהער, אינ די פאר שאנד־הײַזער, וואס האבנ זיכ אינ שטאט געפונענ, און וואס ספעציעל צוליב זיי, צוליב די פריצימס זינדלעכ, זײַנענ יענע פרויענ גאנצע טשערערעסוויַז פונ די אייגנטימער פונ די הײַזלעכ אינ באר ארײַנגעטריבנ געווארנ, זיי זאלנ אויסזענ פריש, נארוואס פונ געוועש, און אויכ אפנ בעסטנ אויפנ געקליידט און אויסגעפוצט, ווי ס׳פאסט פאר אזוינע אויסטערלישע געסט און פאלנ...

אזוי—פריצימ.

שטאט־לײַט אבער, ווי סאכרימ, הענדלער, היגע, אויכ לאנד־סאכרימ, לאנד־מעקלער, אנגעפארענע אפ קויפנ, פארקויפנ, מעקלערנ און נארײַענ,—אט די אלע זײַנענ יענע טעג שטארק באשעפטיקט געווענ און אריבער די אויערנ זיי ניט ארויסצוזענ פונ פיל האווענ און אומשמײַענ, יעדערער לויט זײַנ גראד, ד. ה., לויט דעמ פארמעג, וואס ער האט געהאט אינ סכוירע, האנדל ארײַנצולייגנ, אדער פונ האנדל, סכוירע ארויסצונעמענ.

יענע טעג האט מענ אײַלנדיק געגעסנ און אפ גיכ געדאוונט. ווייניק, אדער קימאט גארניט ניט געלערנט. ביז די ראבאנימ אפילע, וואס אויכ זיי האבנ דעמלט פיל צו טאנ געהאט—פיל סאכרישע שוטפעסנ און סיכסוכימ אויסצו־

גלײַכן; ביז דעם גרעסטן, אָנגעזועענסטן ראָוו, דעם באַוווסטן ר׳ דודין, וואָס אויך ער האָט דעמלט קיין צײַט געהאַט, ווײַל צו אים, באַזונדערס דאָך צו אים, האָבן זיך פיל סאָכרים געצויגן און מיט שטאַרק פאַרדרייטע, פאַרפּלאָנטערטע לאַנגאָניקע לאָדענישן זיך געווענדעט, און דערום אויך בא אים, ווי בא אַלע ראַבאָנים, דעמלט אַפן יאַריד, אַפ וועלכן זיי האָבן אַ גאַנצן יאָר אַרויסגעקוקט און אין זייער ראַבאָנים־ביודזשעס האָבן זיך יענע טעג געלאָזט פילן צום גוטן מיט די דינטוירעגעלטן און ראַבאָנישן קורטאַזש, וואָס זיי פלעגן יענע טעג אַרײַנקריגן.

מיט איינעם וואָרט, אַלע, אַלע דעמלט פאַרנומענע, פאַרהאַוועט, פאַרשוויצט— ערשטנס פונעם יאַריד אַליין, דערצו נאָך פון דער הייסער, טאָמעד גלײַענדיקער זון פון עלול, פון יענעם הייסן כוירעש, ווען דער יאַריד פלעג פאָרקומען.

די לופט פול מיט רייכעס פון סוויטעס און שאָפּן־פּעלץ, מיט מענטשלעכן און פערדן־שווייס, מיט רייכעס פון שוין איבערגעטריקנטע היי, שטרוי, טווועס, פלאַקס, האָניק און פּרוכטן; מיט קוילעס פון אַלע די, וואָס האָבן אַפ זייערע היגע און געבראַכטע סכוירעס אויסגערופן, וועלכע האָבן זיך געהערט אַפ די מאַרקן, אַפ די האַנדל־ און יאַריד־פּלעצער בא די בײַדלעך, בא די שטעלן און שטעלעכלעך, אַפ אַלע גאַסן; קוילעס אויך פון די, וואָס האָבן געהאַט זייערע סכוירעס אַפ דער ערד ליגן, ווי טעפּערס, באָנדער, סטעלמעכעס און רימער; קוילעס פון בײַטשן־געקנאַק און אויסגעשרייען באַם פערד־יאָגן און אויספּרוון; געשרייען, געוויינען, ווען עמעצער איז באַגאַנוועט געוואָרן, ווען מ׳האָט יאָ געפּאַקט און פאַרהאַלטן דעם גאַנעוו, אָדער אויך ווען ניט—געשרייען און קוילעס; קוילעס פון שיקורים פון שענקען אַרויס, קוילעס פון קריגערײַען, געשלעגן און שווינדלערישער שעפּע אַפן יאַריד.

דאָס אַלץ צוזאַמענגעמישט האָט געהורעט, אין לופט זיך געהערט, ווי אַ טומל פון אַ מאַסע הרעבליעס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן און אין אַ פאַרפלייצנדיקן שטראָם אַוועק. אַ קוילעס־געמיש פון פּי, אויפעס און מענטשן; אַ געמיש פון קריגערײַ, גערייד און געשלעג, ביז אויך דעם געזאַנג פון די פאָלקס־זינגער, באַנדוריסטן, וואָס אויך זיי פלעגן זיך אַפן יאַריד צושטעלן, און וואָס אַפ יעדער גאַס, ווו גרויסע מאַסן גייען פאַרבײַ, האָט מען זיי געקאָנט זען אַפ די ראָגן זיצן, איינציקע, אָדער, מערסטנטייל, גאַנצע גרופּעס, וועלכע איינער אָדער אַ פּאָר זעענדיקע פלעגן זיי באַדינען, זיי פירן, ברענגען און אַוועקפירן.

זיי, די זינגער, פלעגן זיצן אַפ דער ערד אויסגעזעצט, די פיס אונטער זיך, די לירע־באַנדורע מיט די לינקע הענט צום לײַב געטוליעט, און מיט די רעכטע האָבן די שפּיל־קאָרבעס געדרייט, דערבײַ מיט שטאַרק צעעפנטע און צעקרימטע מײַלער געזונגען, מיט די בלינדע אָדער גאָר אויסגערינענע שוואַרצאַפּלען אַפ אַרויף, ווי צו דער זון, פאַריסן. זיי האָבן געשפּילט, און מיט זייערע אַלט־קאַזאַקישע, טשומאַקישע, טרויעריקע פאָלקס־לידער ראַכמאָנעס געוועקט בא דעם אַרומשטייענדיקן עולעם, באַזונדערס בא פרויען, טרערן אַרויסגערופן, און דערפאַר זײַנען זיי באַלוינט געוואָרן אַמאָל מיט אַ דאַרן בייגל צוגעוואָרפן, מיט וואָס ניט איז פון עסנוואַרג, און אויך ווען ניט ווען מיט אַ קליינער מאַטבייע אין אַ בלינדן בעטלער-היטל שטיל אַרײַנגעלייגט.

יאָ, אויך בא די באַנדוריסטן אַפן יאַריד, און אויך בא זיי, בא די פאָלקס-זינ־

גער, דעמלט פארדינסט־צײַט, און פיל צוהערער און אויערן אפ זיי צו הערן.

אזוי—אלע „פרעטשיסטע“.

דאָס יאָר אָבער, ווען ווען וועלכן מיר ריידן דאָ, האָט זיך דער יאריד געשטעלט אין טרויער.

שוין פון מיטן זומער האָט די שטאָט געהערט טרויעריקע קלאנגען זיך דער־טראָגן פון דאָרף, פון אלע דערפער פון דער געגנט ארום, אז אזויווי פון פרילינג אָן איז קיין רעגן, דערוואַרט מען, וואָס מע דערוואַרט פון אזא זאך—א צאָרע, א טריקעניש.

ריכטיק. יענעם זומער האָט זיך, ווי דער הימל געשלאָסן. פויערים האָבן זיך די אויגן אויסגעקוקט. מ'האָט מיט איקאָנעס, מיט צלאָמים, מיט גאלאָכים און געזאנגען ארום די פעלדער גלויביקע געבעט־צוגן איינגעאָרדנט און געפראוועט—און ס'האָט ניט געהאָלפן: ס'גראָז אפ די לאָנקעס, די טרוּוע אפן פעלד ברענט.

אָבער דער יאריד האָט זיך דאָך געשטעלט. ווי שלעכט די אויסזיכטן זײַנען ניט געווען, ווי שאָקלדיק און קריכיק דער באָדן פארן יאריד, און ווי פון דער נא־טור באאוולט און באליידיקט דער פויער איז אפן יאריד ניט געקומען,—דאָך איז ער געקומען. פון דער נאָענט און פון ווײַט, פון אלע ווענגן און שליאכן, ווער מיט מער אביסל, ווער מיט ווייניקער, ווער מיט גאָר ווייניק, אָבער דאָך מיט עפעס און פון אָט די אלע ביסלעך און עפעסן איז דער טומל, ווי אלעמאָל, גרויס געווען, און פאר די, וואָס האָבן אים דאָס ערשטע מאָל געזען, ניט צו דערקענען, אז ער איז ווען אמאָל געווען אָדער געקאָנט זײַן אַנ אנדערער.

דאָס—פאר פרעמדע.

אייגענע אָבער, די אומיטלבארע פארינטערעסירטע האָבן די ענדערונג דאָס יאָר פון אלע יאָרן גוט געפילט. פאר אלעמען, די קליינע איבערקויפער, וואָס אז זיי זײַנען צוגעקומען צום פויערשן וואָגן און אין אים אריינגעקוקט, האָבן זיי אים גע־טראָפן אפ האלב און דרײַ פערטל א ליידיקן, און אפ דעם האלב אָדער פערטל, וואָס פול, האָט איצט דער פויער שטארק געציטערט און געוואָלט אויסשלאָגן און ארויסבאקומען דאָס, וואָס אַנ אנדערשמאָל פאר א גאנצן. אלנפאלס, יענע הארכאָווע־דיקע גוטמוטיקײַט פון פויער, וואָס ווען ס'איז אים אופגעלייגט און ווען ער האָט אסאך, איז דאָס מאָל זיכער בא אים ניט געווען צו באגעגענען. פארקערט, ער איז בייזלעך געווען, אָנגעדרודלט און א האלב־ברויגעזער, נישט פארגינערישער בליק האָט ארויסגעקוקט פון אונטער זײַן דאשעק.

מ'האָט מיט אים לאנג באדארפט טײַנען, לאנג אײַנריידן, ער זאָל פארקויפן צו דער פרײַז, וואָס איז איצט אין שטאָט אָפגעשטעלט פאר זײַנע געבראכטע זאכן. ער האָט זיך ניט געלאָזט, נים געוואָלט די סכוירע פון די הענט ארויסלאָזן, זי געריסן באַם קויפער אפ צוריק, זיך געבייזערט, געמיינט, די ערשטע קוינעם, וואָס זײַנען צו אים געקומען קויפן, דורכלאָזן, איבערוואַרטן, אויב מעגלעך, אויך דעם ערשטן טאָג, וואָס ער איז, ווי אים האָט אויסגעזען, נישט גינסטיק, און, מעגלעך, בא אנדערע קויפער, מעגלעך, מאָרגן, וועט ער, נאָכן פעסטן האלטן זיך און באשטיין אפ זײַנעם, די פרײַזן ארופציִען.

דאָס איז אָבער ניט געשען: אויך אַנדערע, אויך שפּעטערע קוינעם האָבן מער ניט פֿאַרגעלייגט, און ער איז געווען געצווּנגען אַפּ דער ערשט־געשטעלטער פרײַז צו פאַרקויפן.

ווײַל איבערקויפערס האָבן זיך דערמלט געלאָזט אַפּ אַזוינס, וואָס אין נאָרמאַלע צײַטן פּראַקטיקירט זיך צווישן זיי זעלטן. דערהײַנער, אַפּ יאַר־אַכעס, ד. ה., ווען אַפּן ווונק פונעם ערשטן איבערקויפער, וועלכער איז צום פויער צוגעטראָטן און מיט אים מאַסע־מאַטן פאַרפירט, האָבן אַלע איבעריקע אײַנקויפער, וואָס זײַנען דערנאָך צוגעגאַנגען, און וואָס אַן אַנדערשמאָל פלעגן זיי איינס באַ דאָס אַנדערע פון די הענט און פון אונטער דער נאָז אַרויסרײַסן, מויסעפ זײַן אַפּ דער פרײַז און אויסדינגען—דאָס מאָל האָבן זיי איין האַנט געמאַכט, און אַן אַקשן אַ פויער האָט שוין אַ גאַנצן טאָג דערמלט געקאַנט אָפּשטיין און אַפּ דער געשטעלטער פרײַז פון ערשטן איז אים פאַר דער גאַנצער צײַט פון קיינעם קיין גאָרנישט, קיין גראָשן נישט געהערט געוואָרן. דער פויער איז, ווי פאַר אַן אײַזערנער וואַנט פון פעסט־צונויפגערעדטע לײַט געשטאַנען און, זעענדיק, אַז ער וועט שוין דאָ מיט זײַן גרעסטער אַקשאָנעס גאָרניט פּויעלן, איז ער געצוווּנגען געווען אָפּצוטרעטן, נאָכצוגעבן און געמוזט פאַרקויפן פאַר האַלב, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַ זיך אין קאָפּ גערעכנט.

אַזוי געמיינע פויערים, פאַרביטערטס פונעם ווייניק, וואָס זיי האָבן געבראַכט, און די, וואָס מער, די מער פאַרמעגלעכע, האָט מען אַפּ אַנדערע אויפֿאַנים גענאַרט—אין וואָג, אין מאָס, אין כעזשבן, אַפּ וועלכן זיי זײַנען געווען שוואַך, און וואָס אין אַן אַנדער יאָר, באַ מער מעגלעכקײַטן אָרנטלעכער זיך אויסצוהאַנדלען, האָט מען אָט דאָס מיטל—גראָב אין כעזשבן דעם פויער צו נאַרן—ניט אַזוי אָפּט און ניט אַזוי נײַציק אויסגענוצט.

אַזוי, אַז אויך די פאַרמעגלעכע האָבן ווייניק גרונט געהאַט צו איבעריק פרייען זיך און צו האָבן נאָכעס פונעם יאַריד. אַפּגערעדט שוין פון גאָר גרויסע, ווי ליוועראַנטן, לעמאָשל, וואָס זײַנען אַפּן יאַריד מיט גאַנצע טאַבונעס פערד געקומען, וואָס האָבן זיי פון ווײַט געטריבן, געדונגענע מענטשן אַכטונג צו געבן אַפּ זיי, צו האָרעווען און זיי צו האַלטן אינעם געהעריקן גלאַנץ און פּוץ, ווי פערד דאַרפן אויסזען באַם קומען אַפּן יאַריד,—די ליוועראַנטן, וואָס האָבן געהאַנדלט גרויס און אויסגעשטעלט מיט גאָר אויסגענומענע פערד אַפּ פּריצים, אַפּ שליאַכטע, און מיט ווייניקער אויסגעשפּילטע—אַפּ געמיינערע קוינים,—זײַנען דאָס מאָל מיט די אַרויסגעפירטע פערד געבליבן, ווי נאָר אַפּ אַן אויסשטעלונג, נאָר אַפּ זיי באַווײַזן; ווײַל קויפער באַלאָנים קנאַפּ, מאַכמעס די פרײַזן ניט צוטריטלעך און פאַר קיינעמס קעשעניע: אַזוי, אַז מ׳האָט זיך נאָר געקאָנט פאַרגינען קוקן, אָבער ניט נאָענט צוגיין, מיט די הענט זיך ניט צורירן, אַפילע באַם גרעסטן כיישעק, ווען אַפילע די אויגן זײַנען געקראָכן פון קאָפּ פון וועלן און פון באַגער צו קויפן.

ליוועראַנטן האָבן געבערענט. די פערד־פּלעצ, די „טאָרהאָוויצעס" האָבן דאָס מאָל שוין פערד־אויספּרוּוונג און פון בײַטשן־קנאַק ניט געהילכט, ניט פון הויכן האַנדל, ווי צווישן ליוועראַנטן, ניט פון קלאַפּן זיך אין די הענט מיט קוינעם—און פון גרויס צאָרעס האָבן זיך שוין גרויסע קאָמפּאַניעס זייערע אין קליינע שענקלעך געקליבן, און פון ניט קיין קלענערע—האָט שוין באַ זיי געהאַלטן אַפילע דערבײַ, אַז זיי

האָבנ זיכ מיט ציגײַנער אינ האנדל אריַנגעלאָזט, אלײנ נאָר צוליב ניט לײדיקשטײנ, אלײנ נאָר צוליב וואָסער ניט איז אונ אבי ווערכנ נאָר האנדל.

אויכ מיט פריצים, לאנד־גראפנ אונ פירשטלעכע זינדלעכ, וואָס פלעגנ אלע יאָרנ, ווי געזאָגט, קומענ מיט עקאָנאָמענ אונ הויפ־פארוואלטער, יענע, די פארוואלטער, זאָלנ פריציש גוטס אָפּוזעצנ, אונ זיי, די פריצים אלײנ, אביסל צו זײַנ דערבײַ, מער אָבער בא עפּעס אנדערש,—באם הוליענ אונ אויסברענגענ דאָס באקומענע אונ אָפּגעלײזטע—אויכ מיט זיי, מיט פריצים, לאנד־גראפנ א. א. דאָס מאָל ניט פריילעכ.

קײנ מוסטערנ פונ גרויסע פארטיעס טוווּע האָט מענ איצט ניט מיטגעבראכט, ווײַל נישט געווענ, ווײַל אנ אומגערעטעניש, אונ לאנד־סאָכרים, הערנדיק פונ ווײַט, וואָס דאָ אינ געגנט טוט זיכ, האָבנ זיכ דאָס מאָל פונ אפנ יאריד צו פאָרנ אָפּגעהאלטנ; אונ די, וואָס זײַנענ יאָ געקומענ, האָבנ זיכ ניט איבעריק געײַלט, האָבנ זיכ לאנג געײַשעווט אפילע דאָס יאָ מעגלעכע אײַנצוקויפנ, מורע האָבנדיק, ערשטנס, פאר דער ריזיקע פונ די צו הויכ־פרײַזנ, אונ צווייטנס, אויכ פאר קאָנקורענצ: טאָמער וועלנ אנדערע סאָכרימ פונ אנדערע געגנטנ, ווײסנדיק דעמ יאקרעס פונ הי, שפּעטער אהער פונ יענע מער געראָטענע געגנטנ מיט מער ביליקע טוווּעס אונטערקרמענ אונ זיי וועלנ זיי שטארק ניזיקנ.

בא די פריצים איז געלט דעמלט ווײניק, קימאט נישט, אונ די, וואָס האָבנ אפ זיי ארויסגעקוקט, ד. ה., די, וואָס האָבנ מיט זיי דאָס גאנצע יאָר געהאנדלט, זיי געלט געליִענ, מיטנ מײנ איצט, אפנ יאריד, דאָס צוריק ארויסבאקומענ, זײַנענ געבליבנ גענארט. אײניקע, די, וואָס האָבנ זיי דורכ מעקלערס געליִענ, האָבנ די מעקלערס געשיקט, אונ יענע זײַנענ צוריקגעקומענ האלב־בלאָטע, אָפּט ארויסגעטריבענע פונ אופגערעגטע אונ צערײצטע פריצים, וועלכע האָבנ זיי אפילע אפ דער שוועל ניט געלאָזט. אנדערע ווידער, וואָס זײַנענ אלײנ געגאנ, האָבנ אויכ ניט בעסער אָפּגעשניטנ, אונ פונ שווערער פריצישער לאגע אפילע מיט קײנ גוט וואָרט, אפילע מיט קײנ צוזאָג אפ שפּעטער נישט אהײמגעקומענ.

פארשטענדלעכ, אז באל־האלוואָעס האָבנ—צי זיי ווילנ, צי זיי ווילנ ניט—דעמ שטילנ צײַטווײַליקנ פריצישנ באנקראָט געמוזט ארָאָפּשלינגענ, ווײַל קײנ ברײרע, ווײַל אנדערש טאָנ,—ד. ה., ווענ פריצים האָבנ איצט ניט צו צאָלנ, גלײַכ די ווערקסלענ אינ גאנג לאָזנ,—האָבנ באל־האלוואָעס געוווּסט, איז קײנ גאנג ניט, אזוי טוט מענ ניט, ווײַל אזוי וועלנ זיי אפ אײביק שוינ מיט יענעמ מוזנ אײַנרײַסנ, אפ קײנמאָל מיט זיי מער שוינ קײנ געשעפט ניט מאכנ.

אזוי האָט דאָס יאָר געסראָפּנ קימאט מיט אלע, אונ, נאטירלעכ, אויכ מיט מוישע מאשבער, ווײַל וואָס איז ער פאר אנ אויסנאמ. נאָכ מער: נישט געווג, וואָס פריצים האָבנ די אלטע האלוואָעס נישט געצאָלט, זײַנענ זיי נאָכ, ווי ס'איז פאָרויסצוזענ געווענ, געצוווּנגענ געווענ נײַע זיכ פארשאפנ, זיכ געלאָזט אפ שלעכטע באדינגונגענ, אפ הויכע פראָצענטנ, ווינטיקע שטיקער אײגנטומ צו פארזעצנ, אבי עטוואָס געלט ארײַנצובאקומענ, קעדײ ניט צו דערלאָזנ זיכ אײַנשרומפנ אונ פונ פריצישע באדערפענישנ זיכ אָפּזאָגנ.

פריצים—סײַ קלײנ, סײַ גרעסער—האָבנ דעמלט אינ גרויס נויט געשטעקט, אונ בא די, צו ווענמ זיי ווענדנ זיכ קעסיידער אינ אזעלכע פאלנ—צו שטאָטישע געלט־

קאָנטאָרן און באַל־האַלוואָעס—זײַנען די הענט געווען געבונדן, אפילע בא זייער בעסטן ווילן, זיי, די פּריצים, מיט וועלכע זיי האָבן קעסיידער געשעפט געמאכט ארויסצוהעלפן.

דערצו נאָך איז אויסער יענער נויט בא פריצים, דאָס מאָל נאָך א ספּעציעלע געווען, מאכמעס איינער א געשעענער מײַסע אפן יאריד, וואָס אלע, דער גרעסטער טייל פריצים, די מערסט אָנגעזעענסטע, רײַכסטע, צוזאמענ מיט די לאנד־גראפן און פירשטלעכע זיג זײַנען געווען פארמישט אינ איר; א מײַסע, וואָס האָט געשמעקט מיט גרויס אומאָנגענעמלעכקײַטן פאר פריצים, פיל וואָלטן געווען פון איר געליטן, ווײַל ס'איז געגאנגענ אינ מעלוכע־פאראט און געדראָט מיט סיביר, מיט קייטן, פארשיקונג און קאָנפיסקירונג פון פארמעגנ, און עפשער נאָך ערגער...

ס'רעדט זיך דאָך דאָ פון די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, פון די יאָרן, וואָס אָקאָרשט נאָרוואָס נאָכן פוילישן אופשטאנד פונעם באווּסטנ 63־טנ; פון דעמלט, ווען א גרויסער טייל פריצים אפילע פון אונדזער קאנט, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, וואָס כאָטש ער איז געלעגן אביסל אינ א זײַט פון גרויסע געשעענישן, וואָס כאָטש ווייניק האָבן אינ יענעם אופשטאנד אומיטלבארן אָנטייל גענומען, ווײַל ניט דאָרט, אינ יענעם קאנט, די שלאכט־פונקטן, אָבער מיטגעפיל צו דער קעגנ־מעלוכע־באוועגונג האָבן זיי דאָך ארויסגעוויזן—מיט געלט, מיט פארשידענע ארטן שטיצע, ווי שפּיאָנאזש און אויסבאהאלטן נאָכן בראָך פונעם אופשטאנד דעמ, וואָס מ'האָט ניט געטאָרט אויסבאהאלטן א. א. וו.

אלנפאלס, האָבן די מעלוכע־רעפאָרמעס פון דער אפילע נאָר קלוימערשטער פויערים־באפרײַונג קיינעם, אויך פון יענע פריצים, נישט געשמעקט, און דאָס אָפּזאָגן זיך פון פריציש־רויערסדיקע פריווילעגיעס, פון מינדסטע אפילע, האָט ווילדן קאָעס ארויסגערופן בא אלעמען זייערע אָן אויסנאם.

אייניקע, די מער פאָרזיכטיקע און ווייניקער רײַכע, האָבן נאָכן אופשטאנד זיך געזען צופּאסן, זיי האָבן דאָס, וואָס געמוזט, אראָפּגעשלונגען, ווי עקלדיק פּעטס אפ א רעפּוע, האָבן אפ זיך א מאסקע אָנגעצויגן, זיך קלוימערשט אונטערגעגעבן, און אינ דער שטיל, צווישן אייגענע, בא פארמאכטע טירן, אינ זייערע הויפן און שלעסער, געשטורעמעוועט, זיך דאָס לײַב געביסן, געטרוימט וועגן בעסערע צײַטן און געהאָפט פון פארשידענע זײַטן אפ הילף, אז דאָס אלטע זאָל צוריק צום קיום קומען, ווײַל דאָס נײַע, האָבן זיי געגלויבט, וועט ניט אויסהאלטן.

אנדערע, די מער רײַכערע, האָבן קיינ געדולד געהאט, האָבן זייערע מאיאָנטקעס פארקויפט, געלט צונויפגעשלאָגן און פאר גרויס צאר, נישט קענענדיק צוזען דאָס נײַע, ערגעץ אינ די אויסלאנדס זיך איבערגעקליבן. ווידער אנדערע, אויך רײַכע, אָבער גרויס האָנערעוואטע, וואָס די טאטעס און זיידעס ירושע,—זייערע ערדן, נאכלאָעס און מאיאָנטקעס—זײַנען זיי אזוי טײַער געווען אפ ניט קענען זיך מיט זיי צעשיידן, זײַנען אפ די ערטער געבליבן, זײַנען אָפּן, נאטירלעך, ניט ארויסגעטראָטן, אָבער ווער ס'האָט באדארפט ויסן, האָט געוווּסט, אז יעדערער פון זיי, פון אָט יענע, טראָגט פײַער אונטער די פאָלעס, גיפט און סינע צו אלעם דעם, וואָס האָט זיי אזוי ווי געטאָן, אזא אנגעסט פארשאפט דערמיט, וואָס האָט בא זיי קלוימערשט,

זייערע דוירעסדיקע רעכט גערויבט אפ צו הערשן און געוועלטיקן אפן גאָרן פאָלקסלײַב און אייגנטום.

די מאכט האָט זיי דערום גוט נאָכגעקוקט: זיי אינ אויג געהאט, ווי ווײַט נאָר געקאָנט, די אופזיכט איבער זיי פארשטארקט, ווי ווײַט נאָר מעגלעך, קעדיי זיי נאָכקוקן און אלע זייערע מאכשאָוועס און געהיימע גענג זיך דערוויסן, האָט צווישן זיי אייגענע איבערגעקויפטע מענטשן ארײַנגערוקט, אָפט טאקע פון זייער אייגענער סוויווע זיך אויסשפירער אײַנגעהאנדלט, אײַנגעשאפט—זיך אפ געטרײַשאפט און זיי אפ פאראט.

איז אָט, איז דעמלט געשען: מיר וויסן ניט, צי פאר גרויס צאָרעס, וואָס בא די פריצים זײַנען אפן יאריד שלעכט די געשעפטן געגאנגען, צי פאר אנגסט און אומאָנגענעמלעכקײַט, וואָס, זיי צום ביזאָיען, האָבן זיך ניט געקאָנט אויסדרייען, ניט געהאט מיט וואָס די פאראיאָריקע כויוועס צו צאָלן און נאָך געמוזט נײַע האלוואָעס אײַנשאפן און ס'איז זיי ניט גרינג אָנגעקומען, און דערפאר פריצים אפן הארצן ניט גוט און זיי האָבן זיך געוואָלט צושטרויען. מעגלעך אָבער אויך, אז נישט דערפאר, נאָר ביכלאל האָבן זיך פריצים אָפגערעדט א גרויסן הוליע טאָן—און אפ איינעם אן אפדערנאכט דאָס באשטימט.

ס'האָבן אָנטיילגענומען: פאר אלעמען, יונגע לעב־באָכערים, אויך עלטערע, פארזעסענע, אזוינע, וואָס וועלן קיינמאָל ניט כאסענע האָבן, צי מאכמעס געוויסע קראנקײַטן, וואָס זיי האָבן באוויזן אין דער יוגנט ארײַנכאפן, און אפ דער עלטער שוין צו פוילן, צי אזוי גלאט, איבער פריצישע קאפריזן און מאנקאָליעס פארזעסענע.

ס'האָבן אָנטייל גענומען אויך אזוינע, וואָס אינדערהיים האלטן זיי שטאט, האָבן פאמיליעס און פירן א לעבן, ווי דער שטייגער פאָדערט, נאָר יעדעס מאָל, אפן יאריד קומענדיק, דערלויבן זיך אזוינס, וואָס אינדערהיים, איבער געוויסע טײַמים, קיינמאָל.

דער הויפט טאָנגעבער אָבער אפ יענעם אָוונט פאָרט די יונגע, און זיי האָבן דאָס אפ זיך גענומען, און דורך זייערע באדינער, וואָס זיי האָבן מיט זיך פון זייערע טאטישע היימען מיטגעבראכט, איז באפוילן געוואָרן, אויסצופילן דאָס, וואָס ס'האָט זיך געפאָדערט; און מיט א היפשער גרופע פינצטערע מעקלער און מעקלערלעך איז פון יענער זײַט טירן (ווײַל אינ שטוב האָט מען מיט אזוינע ניט געהאנדלט) אָפגערעדט געוועזן, וואָס מ'האָט באדארפט אָפרעדן: און געלט איז געשאפן געוואָרן, פאר אלעמען, פארן „גאניידן“־קלייטעלע, אז די פּאָליצעס אינ דעם זאָלן מיטאמאָל שטארק שיטער ווערן, ווײַל פריצים זײַנען אזוי אויך גרויסע געברויכער, ביפראט, ווען מ'צעבינדט זיך, ווען מ'צעלאָזט זיך און מ'גייט ספעציעל אינ הוליען זיך צעפלאקערן.

ס'האָבן זיך באדארפט טישן ברעכן פון דעם, וואָס ס'פאָדערט זיך פאר אזוינע הויכע געסט און געניסער—פון עסן און טרינקען. און אויך מיט פינצטערע מעקלער פון שאנד־ און אווירע־הײַזער איז אָפגערעדט געווען, און יענע זײַנען יענעם טאָג שטארק פארפאליעט אומגעלאָפן, און זיי, פון זייער זײַט, האָבן זיך מיט אונדזער באקאנטער פערעלע דער מעקלערן צונויפגערעדט: טאָמער וועלן שאנד־הײַזער ניט קלעקן, זאָל זי פון איר „סכוירע“, פון האלב שאנד־אמען און ערעוו־אמען צושטעלן—

די פריצים אפ נאָכ דער הוליאנקע, אפ שפעט, ווענ פריצים וועלנ זיכ אינ זייערע באזונדערע צימערנ צעגייענ.

פאָרקומענ האָט דאָס באדארפט בא נאָסנ־נאָטענ אינ איינפאָר־הויז, אינ איינער פונ די בעסטע, פארהעלטנישמעסיק פאָרנעמסטע, דאָרט, ווו ס׳פלעגנ איינשטייענ אָדער באָר רייכע סאָכרים, אָדער אָנגעפאָרענע רעגירונגס־ אונ אדמיניסטראציע־לייט, ווי ריכטער, ווענ זיי קומענ אראָפ פונ דער ווייטלעכער גובערניע-שטאָט אפ א היגנ מישפעט, אקציזניקעס, רעוויזאָרנ א. א. וו.

די צימערנ זיינענ דערום מעבלירט געווענ פיינער, ווי אינ אנדערע איינפאָר־הייזער. בענקלעכ אונ קאנאפעס מיט טשעכאָלנ. דילנ מיט טעפיכלעכ, מיט פאָרטרעטנ פונ גענעראלנ אפ די ווענט אינ יעדער צימער, אונ אינ איינעמ א גרויסנ עס־צימער,—אויסגערעכנט דערופ, ווענ א גרויסע קאָמפאניע וועלנ צוזאמענ עסנ, ס׳זאָל זיי אינ איינ צימער צו איינ טיש דערלאנגט ווערנ—דאָרט, אינ יענעמ צימער אויכ א קייסער־פאָרטרעט, אינ דער קרוינ, צו קאָראָנאציע,—א ביליק פארביקער לובאָק אפ שטייפ גלאזירט פאפיר, ווי יענער סאָרט אלע אזוינע פאָרטרעטנ, וואָס ווערנ אפ אלע מארקנ אינ גרויסנ טיראזש פארקויפט פאר קליינ געלט אונ צום פאטריאָטישנ אָפגעשטאנענעמ געשמאק פונ א געווייסנ געברויכער.

דאָס מאָל זיינענ די צימערנ איינס אינ אנדערנ צעעפנט געשטאנענ, ווייל אלע איינשטייער באקאנט אונ היימיש, אונ דער הויפט צוזאמענקומ אונ דער גרויסער טיש איז געגרייט געווענ אינ עס-צימער, וועלכער איז געווענ באלויכטנ, אכוץ פונ ליכט אפנ טיש, אויכ פונ איינעמ א מינ בליצ־לאָמפ, וואָס האָט פונ מיט סטעליע אראָפגעהאנגענ.

נאָסנ-נאָטע, דער באלעבאָס פונ דער אכסאניע, דער, וואָס איז טאָמעד געווינט הויכ־כאָשעווע געסט אופצונעמענ אונ באדינענ, אונ וואָס ספעציעל צוליב אָט דער באדינונג איז אימ זיינ באָרד שטענדיק זויבער געקעמט אונ אפנ קאָפ האָט ער, מייסע סארווער, א זיידנ יארמעלקעלע געטראָגנ,—ער, נאָסנ-נאָטע, איז דעמ טאָג פונ ערעוו יענעמ אָונט באזונדערס באשעפטיקט געווענ מיטנ גרויסנ טיש פארשפרייטנ, די בענקלעכ אויסשטעלנ, לאָמפנ רייניקנ, טעלער, גלעזער, גלעזלעכ ווישנ. אונ דעריקער נאָכ, ווענ מ׳האָט אפנ טיש דאָס אָנגעגרייטע באדארפט צעשטעלנ, ווענ נאָסנ־נאָטע האָט קיינ אופזעער איבער זיכ ניט געהאט פונ פריצישנ צאד, איז קימאט אליינ באלעבאָס געווענ, אונ ער האָט באדארפט פונ יעדער מינ מער ווי אפנ טיש ארופשטעלנ, פאר זיכ אראָפשטעלנ, ד. ה., אראָפנעמענ, קעדיי דאָס צוריק דעמ באלעבאָס פונ „גאניידנ״־קלייטעלע אָדער אנ אנדערנ צו פארקויפנ. ער האָט געהאלטנ אינ איינ טראָגנ צום טיש אונ אינ איינ אוועקטראָגנ פונ טיש, אונ די גאנצע צייט האָט אימ דער קאָפ געארבעט, די גאנצע צייט האָט ער זיכ מיט דער דייע געשלאָגנ, זיכ געייִשעווט, צי נעמט ער ניט צופיל אראָפ, אָדער צי שטעלט ער ניט אפנ טיש אוועק איבעריקס. ער איז אלעמאָל געלאָפנ צו די וויינ־קעסטלעכ, וועלכע ער האָט געהאט אינ א באזונדער צימער אָנגעגרייט, אויסער יענע, וואָס ער האָט גלייכ אפנ טיש אהעקגעשטעלט, אונ ער האָט געקוקט אפ זיי, געזענ אונ זיכ מעיאשעוו געווענ, וויפל וועט ער קענענ, נאָכדעמ, ווענ ער וועט די פריצים אָנשיקערנ, פאר זיכ אונ ווידער צום צוריק־פארקויפ לאָזנ.

ער האָט, אויסער קאָפּ־ארבעט, אויכ א געוויסע מאָראלע קרענקונג געהאט פונ די אָנגעטריבענע מוידנ, די אויסגעבאָדענע, אויסגעוואשענע, וועלכע האָבנ פארנר־מענ א פולנ באזונדער צימער ערגעצ אינ עק אײַנפאָר־הויז אונ האָבנ אפ זייער צײַט, אפ זייער ריי געווארט. ער האָט זיכ געמאכט ניט וויסנדיק, נאָסנ־נאָטע, ווײַל מיט אזוינע זאכנ האָט ניט ער, נאָר א לעצטער מעשאָרעס, אי דאָס אויכ זעלטנ, צו טאָנ געהאט. אָבער, פילנדיק זיי, האָט ער געשפיגנ, אונ וועג ער האָט דערזענ די טיר פונ יענעמ צימער זיכ עפענענ אונ א קאָפּ, א קערפער פונ איינער פונ יענע זיכ ארויסרוקנ, האָט עס אימ געערגערט. ער האָט זיי, קלוימערשט, נישט באמערקט, פארבײַגעלאָפנ אונ זיכ ניט זעענדיק געמאכט, נאָר אינ הארצנ, האָט ער געזיפצט: א ברײַרע האָט מענ? וואָס טוט מענ דענ ניט צוליב פּארנאָסע. ביפראט, אז מ׳האָט צו טאָנ מיט אזוינע, וואָס אָפּזאָגנ זיי איז געפערלעכ, אונ ניט נאָכ־געבנ איז גאָר ניט שײַעכ.

ווײַל ריכטיק: נאָסנ־נאָטע האָט דאָס מאָל צו טאָנ געהאט מיטנ עמעסנ בלומענ־קראנצ, מיטנ עמעסנ אויסגעכאָליעטנ אונ אויסגעלאסענעמ, וואָס נאָר פּריצים קאָ־נענ פונ זיכ ארויסגעבנ.

פאר אלעמענ, מיט אזא, לעמאָשל, ווי מיטנ איינציקסטנ זונ פונעמ באוווסטנ אפנ גאנצנ קאנט אלטנ גראפ קאָזעראָגע, וואָס איז בענוג געוועג צו קענענ דעמ אלטנ, מ׳זאָל שוינ וויסנ ווער דער זונ איז.

דעה אלטער אליינ איז שוינ נישט געווענ. אָבער לעגענדעס האָבנ זיכ וועגנ אימ געטראָגנ איינע מעשונעדיקער פונ דער אנדערער. ווי, לעמאָשל, וועגנ זײַנ לײַדנ־שאפט פארשידענע פארצעלײַענע קיילעמ צו זאמלענ. גאנצע צימערנ האָט ער גע־האט אויסגעשטעלט אונ אָנגעהאטעט פונ פארשידענע טיי־שעלעכלעכ, טעצלעכ, טאצנ, וואזעס, בילדער פונ פארצעלײַ, פונ פארשידענע גרויסנ, וואָס ער האָט פונ פארשי־דענע לענדער זיכ אײַנגעשאפט אונ אויסגעשריבנ.

איז דאָס אימ ווייניק, האָט ער געהאט א צווייטע לײַדנשאפט—צו רויכער־ליולקעס, וואָס אויכ מיט זיי האָט ער גאנצע צימערנ פארוואלגערט, די ווענט באהאנגענ, ביז דער סטעליע ארופ אונ ביז דעמ פאָל אונטנ—פונ ליימ, פונ האָלצ, פונ בור־שטינ, פונ אלערליי לענדער אײַנגעהאנדלט, פונ הי, פונ פערסיע, טערקײַ, אזש פונ ווענעציע, אונ פונ אלע אנדערע רוכעס ליולקעס. דאנ מאטבייעס, אונ דאוקע, האָט מענ דערציילט, פונ פאר דעמ אלטנ כריסטאָס, אויסגעגראָבענע, אָפּגעריבענע, שוינ קיינ אויסיעס נישט צו דערקענענ אונ פארנ ברייטנ אוילעמ קיינ ווערט, אונ ער, דער אלטער קאָזעראָגע, האָט זיכ אינ זיי געקאָכעט ביז מעשוגאעס, ביז אָפּגעבנ א האלבנ מאיאָנטעק פאר איינעמ אמאָל אנ אנטיקל, וואָס אינ די גרעסטע וועלט־מוזייומס איז דאָס א כידעש, אנ אויסנאמ אונ ביכלאל ניט בענימצע.

איז מיילע, אָט די אלע לײַדנשאפטנ אונ קאפריזנ נאָכ צו דערלײַדנ. כאָטש פריצישע, אָבער פאָרט מענטשלעכע. אָבער אפ דער עלטער איז שוינ דער אלטער גאָר דול געוואָרנ, אונ ער האָט פריִער גענומענ זאמלענ כאלאטנ פונ גאָר דער וועלט, דערנאָכ גאָר לעבעדיקע באשעפענישנ, ווי פארשידענע קריפלענ, קאליקעס, קארליקעס, פונ מענלעכנ געשלעכט, פונ ווײַבלעכנ געשלעכט, קליינע, פיצעלעכ, באנומענע, מיט אלט-געלע פענעמער אונ מיט קנייטשנ. איז דאָס אימ ווייניק געווענ

נאָכ אליינ דאָס זאמלענ, איז אימ איַינגעפאלנ זיי אלע כאסענע צו מאכנ, און צו פאָרנ, און—„פע, פע, פע“—האָט מענ זיכ דערציילט און געשפיגנ—און אפ די כאסענעס האָט ער גרויס געהוליעט, און א האסאָגע האָט ער געהאט, אז ער מיט די געסט זאָלנ נאָכ בײַזײַנ בא דעמ, וואָס ס׳קומט פאָר נאָכ דער כאסענע... טאקע שטיינ, צוקוקנ און, מעשונע־שיקער דערבײַ, ביז בויכ־שטעכעניש, זיכ פונ געלעכטער קאטשענ.

א סאָפ האָט ער געהאט א ביטערנ. בייסנ אופשטאנד האָט ער אליינ קיינ אָנטייל ניט גענומענ, ווײַל אלט און ווײַט פונ שלאכטנ. נאָר דאָס מויל האָט ער ניט געהאלטנ, און די מאכט, וואָס האָט גוט אזוינע דעמלט נאָכגעשפירט, האָט גע־ווסט, ווי ער האלט. מאכמעס א מינהעג האָט ער זיכ געמאכט, אז יעדערס מאָל, ווענ א פאָרשטייער פונ דער מאכט האָט אימ אינ זײַנ שלאָס באזוכט, האָט ער זיכ יעדערס מאָל קראנק געמאכט און באפוילנ דעמ פאָרשטייער צו זיכ אינ שלאָפ־צימער ברענגענ, און יענער האָט אימ יעדער מאָל געטראָפנ קלוימערשט א שלאָפנדיקנ, צו דער וואנט אויסגעקערעוועט, און טאָמעד מיט א נאקעטנ, ווי הייסט מענ דאָס, מיט דער אומאָנשטענדיקער טייל קערפער הויל, נישט צוגעדעקט. ער האָט זיכ יעדערס מאָל בא יענעמס ארײַנקומענ, ווי אופגעכאפט און זיכ קלוימערשט אנטשולדיקט, אָבער ויסנ האָט מענ געווסט, אז דאָס איז גאָר ניט אומגערנ, דאָס מאכט ער אומיסטנ, און דעמאָנסטרירט דערמיט זײַנ געוויסע באציִונג און אומ־ערע צו דער מאכט.

ס׳איז דערגאנ דערצו, וואָס פריִער האָט ער אזוי קלענערע רוסישע באאמטע אופגענומענ, דערנאָכ גרעסערע און נאָכ גרעסערע, ביז מ׳האָט זיכ דערפונ גאָר אינ די הויכע פענצטער דערווסט, און דער סאָפ איז געווענ, אז ווענ ער האָט דאָס זעלבע נאָכ פאר א גרויסנ מיליטערישנ מאנ געמאכט, וועלכער איז פארבײַ אונדזער קאנט, פארבײַ זײַנ מאיאָנטעק, מיט א מיליטער־טייל דורכגעגאנ, האָט זיכ יענער שטארק באליידיקט, און אפ אייגענער אכראיעס, זיכ בא קיינעמ ניט אָנפרעגנדיק, אָדער עפשער נישט אפ אייגענער, עפשער האָט ער אפ דערופ אויכ פונ דער הויכ א ווונק, א דערלויבעניש באקומענ,—נאָר דער סאָפ איז געווענ, אז מ׳האָט אימ, דעמ אלטנ, מעיוכעסדיקנ, ווילד־כאָשעווג, פוילישנ אלטנ גראפ קאָורעאָגע איבער דער זעלבער אָפגענאקעטער טייל, איבערנ הוילנ געשמיסנ, פאָשעט, ווי ער האָט אָפט זײַנע געוויינלעכע אומבאשיצטע פויערימ, ווענ מע האָט זיי די הויזנ אראָפגעלאָזט, און ער זיי—אפנ רוקנ, אימ אָבער, ווײַל אנ אלטער—אפנ וויכנ...

דער אלטער האָט דאָס ניט אויסגעהאלטנ, און נאָכ די שמיצ איז ער שוינ פונ בעט נישט אראָפ, די גאנצע צײַט פונ נאָכ יענער מײַסע אָנ קיינעמ, אפילע קיינ אייגענע, אויסער זײַנ באדינטנ, ניט צוגעלאָזט, אָבער אויכ אימ, דעמ באדינטנ, אינ פאָנעמ ניט געקוקט: די גאנצע צײַט מיטנ פאָנעמ צו דער וואנט, מיטנ רוקנ צומ צימער געלעגנ, ווײַל ער האָט די בושע נישט געקאָנט איבערטראָגנ, און אזוי, אנ אויסגעקערעוועטער, זײַנ גראפישע נעשאָמע אָפגעגעבנ.

דער יונגער גראפ, דער איינציקער זונ און יורעש זײַנער, האָט זיכ פונ דער יוגנט אָנ אינ אויסלאנד אופגעהאלטנ, אינ א בעלגישנ ליעזש אָדער אינ א שווייצארישער לאָזאנע געלערנט, געשטודירט, קלוימערשט, און אינ דערעמעסנ איז גענוג געווענ נאָר א קוק צו טאָג אפ אימ, קעדיי צו זען און זיכ איבערצײַגנ, ווי

דער יונג האלט אונ וואָס פאר א לײַט ס'וועט פונ דעם פארשוינ גאָר אינגיכנ ווערנ.

ער איז נאָכ קיינ דרײַסיק ניט אלט געווענ, אונ דאָס פּאָנעם שוינ בלאס, אָפּגעצערט, קיינ טראָפּנ בלוט, אונ ס'האָט זיכ געדאכט, אז מיט אָפענע אויגנ שלאָפט ער. ער פלעגט טאקע אלעמאָל אינדערפרי, ווענ דער היימישער ראזירער פלעג צו אימ קומענ, אימ אפנ טאָג צו פוצנ אונ ארומראזירנ, אינמיטנ ראזירנ אײַנשלאָפנ ווערנ, מיטאמאָל דעם קאָפּ פארלירנ אונ ער האָט טאקע ניט איינמאָל דעמלט אינמיטנ גאָלנ א שניט געכאפּט.

ער איז שוינ אפ האלב אויסגעבײַטלט געווענ, גײַסטלעכ אונ קערפּערלעכ. מיילע גײַסטלעכ האָט ער סײַווי ניט געהאט וואָס צו פארלירנ, ווײַל גאָר קיינ איבעריקס האָט ער פונ זינט ער לעבט נישט געהאט אונ בעיערושע נישט באקומענ. נאָר קערפּערלעכ האָט ער שוינ מיט די פיס געשארפעט, באלד־באלד האָט מענ געזענ (מ'האָט קיינ גרויסער ווײַסער אונ קיינ דאָקטער ניט באדארפט זײַנ דערופּ) ווערנ אימ די פיס אופהערנ דינענ, דאָס לאָשנ, וואָס איז אימ שוינ אזוי אויכ געווענ האלב געלעגערט, וועט אימ באלד אָפּנעמענ, דאָס ביסל זיקאָרנ, וואָס האָט זיכ אימ אזוי אויכ געפלאָנטערט, וועט זיכ אויסלעשנ, אונ אזא פארשוינ וועט באלד, מיט פארגלייזטע אויגנ אונ מיט שטענדיק רינענדיקע סלינע פונ איינ זײַט מויל, אינ בעט בלײַבנ ליגנ, אָדער אינ בעסטנ פאל, וועט מענ אימ נאָכ קאָנענ אפ א קראנקנוועגעלע מיט ווייכע רעדלעכ ארומפירנ, ווי ס'איז טאקע מיט אימ אינדערעמעסנ אינ די נאָענטסטע יאָרנ געשענ.

דערווײַל איז ער נאָכ אומגעגאנ, דערווײַל האָט נאָכ אינ אימ א געוויס ביסל נישער געצאנקט. דערצו דער איינציקער יורעש פונ אלטנ גראפ, מיט די הונדערטער דערפער, טויזנטער פויערימ, מאיאָנטקעס, ביר־ברויערײַענ, גוראלניעס, עקאָנאָמיעס אונ אנדערע רײַכקײַטנ, וואָס ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ מיט זיי, ווי מיט זיכ אונ מיט זײַנ שוינ האלב דורכגעלעבטער אונ אָפּגעברענטער צײַט, אונ מיט אלצ, וואָס איז אימ שוינ צוריקגעקראָכנ.

דערווײַל איז ער נאָכ געווענ ער, מיטנ פריצישנ פוצ, דער רײַכסטער פונ אלע רײַכע אינ קאנט, מיט אלע ווילדסטע אונ האלב־אומזיניקסטע האסאָגעס, כאָטש שוינ מיט א פּאָנפענדיקער שפראכ, מיט שארפענדיקע פיס, מיט א לאָרנעט, וואָס אָנ אימ האָט ער זיכ, אפילע אינ קלאָזעט גייענדיק, ניט געקאָנט באגיינ, אונ וואָס אויכ מיט אימ, ווי אָנ אימ, האָט ער גאָרניט געזענ, גאָרניט ניט פארשטאנענ, ווײַל אינ קאָפּ האָט זיכ אימ געלאָשנ.

דערווײַל איז ער בא אונדז אפ דער אויבנדערמאָנטער סימכע געווענ דער אָנגעזעענסטער, ווײַל אפ זײַנ כעזשבנ קימאט איז דאָס אלצ אײַנגעאָרדנט געוואָרנ, קעדייי זײַנ ליידיקגייערישע יאריד־צײַט צו פארהוליענ. אונ, נאטירלעכ, אויכ די אלע אײַנגעלאדענע אפ דער סימכע, פונ זעלבנ סאָרט, ווי ער, אָדער האלב ווי ער.

מירנ דאָ ניט אויסרעכענענ די נעמענ פונ אלע אָנטיילגעמער אינ יענעמ אָוונט, ווײַל סאָפּקאָלסאָפּ, זײַנענ זיי אונדז אלע אלציינס, אונ גאָר מיט קיינ סאכ האָבנ זיכ איינס פונ אנדערנ צומ בעסערנ ניט אויסגעטיילט.

אינדערעמעסנ, וואָס איז דער כילעק פונ יענעמ אייניקל פונ אײנעמ א באוווסטנ
פוילישנ וואָיעוואָדע, באקאנט נאָכ פונ כמעלניצקעס צײַטנ, דער גראפ געדרויצ, וואָס,
ווי מ'האָט דערציילט, האָט ער אויסגעביטנ אנ אלטנ ווײַנ־קעלער אפ אנ אראבי־
שער שטאמ־שקאפע, א שיינפיסיקער, א ווונדערלעכ היציקע, אונ פונ אזא שטאלט
אינ גאנג אונ מעכטיקײַט אונ רײַט־געיעג, אז ער האָט גאָר זײַנ וועלט פארגעסנ
אונ איבער איר דעמ קאָפ פארלוירנ; אזוי, אז ווענ זי, די שקאפע, איז אימ קראנק
געוואָרנ, האָט ער, ווי א קאָנאָוואל פונ גאנצנ קאנט צונויפגעטריבנ, אונ אז די קאָ־
נאָוואלנ האָבנ ניט געהאָלפנ, האָט ער זיכ געווענדעט צו זנאכערס, אונ אז אויכ די
זנאכערס ניט—צו קסיאָנדזנ. אונ כאלעשנדיק אונ פאלנדיק פאר די פיס צו זיי, האָט
ער זיי אײַנגעבעטנ פארנ פערד, ווי גלײַכ פאר אימ אליינ, א טפילע אָפצוריכטנ.

וואָס פאר א כילעק, זאָגנ מיר, צווישנ אימ, דעמ גראפ געדרויצ, אונ צווישנ
איינעמ א יונגנ פירשט דעניקע, האלב־דײַטש, האלב־פוילישער אָפשטאמונג, וואָס
יענער האָט זיכ פארנומענ מיט ציכטלענ עפעס א געוויסנ מינ כאזיירימ, ווײַס־האָ־
ריקע מיט ראָזעווע פיסקעס, ווי א דרײַער די גרויס, אונ וואָס ספּעציעלע מענטשנ
זײַנענ צו זיי צוגעשטעלט געוואָרנ אפ זיי אזוי אויסצוהאָדעווענ, ביז יענע האָבנ
שוינ פונ פעטס קיינ קויעכ ניט געהאט אפ די פיס צו שטיינ, די קנעכל בא זיי זײַ־
נענ געווענ צו קרוכקע, זייערע אייגענע בערנ פלייש אויסצוהאלטנ, אונ זיי פלעגנ
שוינ אפילע עסנ ליגנדיק, מיט פארמאכטע אויגנ, אונ האָבנ טאָג ווי נאכט נאָר מיט
די כאזורשע נעשאָמעס געפאָכעט אונ שטילע געשטאנקענ פונ זיכ ארויסגעלאָזט.
דער פירשט האָט קיינ בעסער פארגעניגנ ניט געהאט, ווי נאָר לעבנ אָט יענע כא־
זיירימ צו שטיינ, שאָענלאנג אפ זיי צו קוקנ אונ אפ זייער פעטס זיכ פרייענ,
ווענ זיי זײַנענ געזונט געווענ. אָבער לעסאָפ פלעגנ זיי קראנק ווערנ, אונ דער
פירשט צוזאמענ מיטנ קאָנאָוואל אונ מיטנ שטאל־ אונ כאזיירימ־היטער פלעגנ בא
א טונקעלנ לאמטערנ בא זיי נעכטיקנ אונ זיי די נעשאָמעס היטנ. דער פירשט האָט
זיכ געשטעלט א ציל זײַנע כאזיירימ צו א מאקסימאלער וואָג אונ פעטס־נאָרמע
צו דערפירנ, אָבער די כאזיירימ פלעגנ די איבערשטאָפונג ניט אויסהאלטנ אונ
פלעגנ אימ אוועקפייגערנ—וויי־וויי!—פאר דער נאָרמע...

וואָס איז דער כילעק צווישנ זיי... אלנפאלס, די קאָמפאניע א געלונגענע, אנ
אײנהײַטלעכע, אונ פונ איינע פריציש־פאראזיטישע מאזאָליעס. איינער נאָר אנ אויסנאמ
צווישנ זיי, איינער א ליסיצינ־סווענטיסלאווסקי, א מענטש מיט א צווייענדיקער
פאמיליע, סאָפעק רוס, סאָפעק פויל, נישט קיינ פּאָרעצ אונ נישט קיינ גוטבאזיצער.
ער האָט קיינ מאיאָנטעק אינ דער געגנט ניט געהאט, האָט אינ שטאָט בא דער
מעלוכע געדינט, פריִער אמאָל א קליינער באאמטער ערגעצ אינ אקציז, דערנאָכ,
איבער עפעס געוויסע סיבעס, זיכ א העכערונג פארדינט, באקומענ א שטעלע ער־
געצ אינ א רוסישער שטאָט אינ דער שטאָט־פארוואלטונג, דערנאָכ, מ'ווייסט ניט
פארוואָס, ווידער אהער, אינ היגנ קאנט, איבערגעפירט געוואָרנ אינ אונדזער שטאָט,
אינ N אונ אויכ דאָ אינ דער אופראווע.

דאָס איז, מעגלעכ, מיט א געוויסנ מיינ פונ דער הויכער מאכט געטאָנ געוואָרנ,
קעדיי אימ, סווענטיסלאווסקינ, דאָ, אינ פריצימ־קאנט, אונטער דער האנט צו האָבנ.
באזונדערס די לעצטע צײַט פונ נאָכנ אופשטאנד, ווענ די אופזיכט אפ פריצימ האָט

זיכ געשטארקט, אים, מעגלעכ, געוויסע געהיימע שליכעסנ אויסצופילנ איבערגעגעבנ, מאכמעס ער איז שטארק אויסגעקאָכט צווישנ פריצים. מעגלעכ...

ער איז געוועננ האלב ליגנער, האלב מארשאלעק, האלב פאט, האלב כיטרעק. פונ יענע פארשוינענ, וואָס קאָנענ לײַכט קריגנ אײַנגאנג אונ צוטרוי בא יעדנ אונ אזוינער, וואָס פריצים האָבנ ליב: א געוויסער, געטרײַער פלאש־ברודער, וואָס, ווו א הולקע אינ וואָסער ניט איז געזעלשאפט, איז ער דאָ: מיט רוסנ—געברודערט, מיט פאָליאקנ—איינס, מיט וועמענ ער האָט הײַנט געטרונקענ, פאר די האָט ער פונ די נעכטיקע געלאכט; דאָס לעצטע ווערטל, דעם לעצטנ אנעקדאָט, אלע סקאנדאליעזע געלט־פאמיליע־ אונ ליבע־געשיכטעס פונ יעדנ איינעמ פונ די פריצים אינ היגנ קאנט געוווּסט, דערום אומעטום געווונטשנ, מיט יעדנ פאני־בראט אונ מיט־טרינקער, אונ די צווייענדיקע פאמיליע אונ די אומבאשטימטע נאציאָנאלע אָנגעהעריקײַט האָט אים געדינט ער זאָל אינ יעדער סאָרט געזעלשאפט, סײַ בא די שטאָטישע אדמיניסטראציע־לײַט, סײַ בא די אָנגעזעענע פאָליאקנ פונ קאנט פאר א זייעריקנ פארעכנט ווערנ.

מ'האָט אים געזענ אומוואנדלענ, ווי וואנדל־גראָז, פונ איינע צו די אנדערע, יעדער איינעמ האָט ער געהאט אפנ אויער וועגנ אנדערנ וואָס אײַנצוראמענ. פאר יעדנ, ווו ווענ מ'האָט באדארפט, האָט ער געהאט דאָס פאסיקע ביסל כניפע פארגרייט. דערום אלע טירנ פאר אים אָפנ, אלע בײַטלענ פאר אים אופגעשנורעוועט, אלע סוידעס גרייט פונ אים אופגענומענ ווערנ,‚ אונ אלע אויערנ, וועלכע דארפנ, טאָרנ די סוידעס ניט פארנעמענ, גרייט אינ זיי ארײַנצוזאָגנ, איבערצוגעבנ ווערנ...

ס'וואָלט אים געפאסט זײַנ א פריצישער פריזשיוואלעק, א באשטענדיקער קעסט־עסער בא איינעמ אָדער בא עטלעכע פרײַנט מעצענאטנ פונ דעם מינ, אונ פונ הויפ צו הויפ ליידיק־צײַט־פארברענגעריש ארומצופאָרנ. ער האָט אָבער,| ווײַזט אויס, זיכ אינ שטאָט צו גוט אײַנגעלעבט. ער האָט אינ איר א גאָר גוטנ טאם געפילט, אונ אויכ אינ זײַנ שטעלע אינ שטאָט, וואָס אינדערעמעסנ איז זי אים, ווײַזט אויס, געגעבנ געוואָרנ נאָר לעפּאָנעמ, ווײַל בא דער ארבעט האָט מענ אים זעלטנ וועג געזענ, אונ, ווי ס'ווײַזט אויס, האָט מענ פונ אים אויכ ניט געפאָדערט, ווי פונ קיינ אָנגעשטעלטנ, אונ דעריקער אוודע זײַנע איז געווענ—אומצושנאָרענ, אומצושמײַענ, אינ אלע שפיצ־געזעלשאפטנ אנ אייגענער זיכ ארײַנצודרייענ, אנ אויער צוצוליגנ, אנ אויג האָבנ, צווישנ פריצים,—אינ פריצים, צווישנ אנדערע,—איז אויכ אנדערע, אונ ווו ער אליינ, ווו זײַנ אייגנטלעכע וועלט האָט געשטעקט, איז ניט געווענ צו וויסנ, צו דערקענענ: אז מ'וויל—א פאָלאָניזירטער רוס, אז מ'וויל—א רוסיפיצירטער פויל, אונ דעריקער, גרייט ביידע פאר א טרונק, אָדער פאר עפעס מער צו פארקויפנ.

ער פלעג אָפט פארשווונדנ ווערנ פונ שטאָט אונ איניקע טעג אפ דער פראָווינצ פארברענגענ, אמאָל בא איינעמ, אמאָל בא אנ אנדערנ פונ זײַנע לאנגאָניקע באקאָנטע טרינק־ברידער אונ קאָרטנ־שפילער. באזונדערס אָבער, ווענ ווו ס'איז א פריילעכע זאכ פאָרגעקומענ, אנ איינציקער גאסט פונ דער פראָווינצ אמאָל, אָדער ווענ ס'פלעגנ זיכ עטלעכע געסט צונויפקומענ, ביפראט איצט, אפנ יאריד, ווענ אזא סאכ זײַנענ זיכ צונויפגעגאנ, איז דאָכ אוודע ניט שײַעכ אָנ אים, אָנ סווענטיסלאווסקינ. אונ אָט איז אויכ ער, ליסיצינ־סווענטיסלאווסקי, אפ יענער סימכע.

(סאָפ קומט)

ה. קאמענעצקי

# א סוינע

(פאַרזעצונג) *)

II

1

גרויסער טאָג אפן באס.
און מיט זון איז ארומגעלייגט יעטווידער פלאנקען.
ס'האָט א זוניקער פאס
בא מײַן כאווער דעם מאָלער אין בליק זיך צעהאנגען.

דאָ אין קלוב
האָט ער איצט
אינדערלענג,
אינדערברייט
א פאפירענעם בויגן צעוויקלט,
אפ א טישל צעשפּרייט
און געווענדעט צום בויגן די בליקן.

ס'האָט מײַן כאווער א בייניקן שטערן פארמאָלט,
ס'איז דער שטערן אזוי ווי געשטאָלט.

כ'גיב א קוק:
און אן אויג אונטער שטערן שוין זיצט
און אין אויג—א צעגאָסענער פּײַערל.
שטילער־שטילער, מײַן כאווער מוז ארבעטן איצט
און דערנאָכ—
אין א שאָ,
צי אין צוויי,
צי אין דרײַ ארום,
וועלן היגע קאָלווירטניקעס קומען אהערצו
און מיט קלאָרער באפליגלטער שײַן אין די הערצער
וועלן זיי בא דער וואנטצײַטונג אלע זיך שטעלן
און ניט אופהערן ליבן מײַן כאווערס געמעלן.

*) זע „שטערן" נומ. 4

זיצט מײַן כאווער און מאָלט,
ס'איז דער שטערן אזוי ווי געשטאָלט.

און דערנעבן, אָט דאָ אין דער ציכטיקער שטוב,
דאָ אין היגן קאָלווירטישן קלוב,
זיץ איך פון אינדערפרי און אזוי נאָכאנאנד
רעדט מײַן אָפענע פען אונטער האנט.

און איך וויל,
יעדער זאַץ
זאָל זײַן קורץ,
ווי א שאָס,
און ווי לופט
זאָל זײַן פראָסט
יעדער וואָרט,
יעדער אָס.

נאָר אינמיטן דערינען אף יענער זײַט שויבן,
ערגעץ דאָרטן באַם שליאַכ
האָבן העלישע פונקען גענומען זיך שטויבן
איבער איינעם א בלעכענעם דאַכ.

און אווראָמס א געשריי האָט זיך פלוצים דערהערט
און די ארבעט אונדזביידן צעשטערט.

מיר קוקן, חאָס איז דאָס?
א סרייפע, א רויכ,
דער פלאַם האָט שוין דאָרטן
פארצוקט די ווערענדע,
אוועק צו די פענצטער,
פארנומען די הויכ,
באלאגערט די שטאלן
און אלץ מיט אנאנדער.

וואָס איז דאָס?—א קאסקע,
א צווייטע און נאָכ
און פערד האָבן פלוצלינג
די שטילקײַט צעטראָטן,
געגעבן זיך האסטיק
אין געסל א בראָכ
און האָבן דעם הימל
צעזעצט אין א בלאָטע.

וואָס יאָגט דער בראַנדמייסטער,
וואָס איילט ער אַזוי?
די קאָפּעטעס שלינגען
דעם וועג צו די שטאַלן,
און ס׳ליגט ווי געבונדן
די ערד אונטער זיי,
נאָר ס׳וועט שוין ניט העלפן.
וואָס איילט ער? פאַרפאַלן!
פאַרפאַלן דער בוידעם,
אַנטרונען דער צאַם
און ס׳פינקלען אין לופטן
צעפלויגענע קוילן.
אַוראָם האָט פאַרלאָרן
אין פונקען, אין פלאַם
די קופּערטן זיינע
און זיינע פיר אײלן.

פאַרפאַלן די סטופּע.
דער בידנער טוקאַץ
האָט פּלוצלינג אין פייער
זיין לעבן פאַרלאָשן.
אין פלאַם איז פאַרזונקען
דער קאָשערער טאַץ
און אָפּגעזאָגט נעבעך
די עטלעכע גראָשן.

געפאַלן אַ קאָרבן
דער שטילער צירקון,
וואָס האָט צו אַוראָמען
אין שטוב זיך פאַרשלאָגן,
וואָס פלעגט הינטער אויוון
אין בענקשאַפט נאָך זון
אַזוי איינגעאַקשנט
און טמימעסדיק נאָגן.

וואָס הער איך? מע כליפּעט,
אַ שטילער געברום.
איך בלייב איינגעקאָוועט
אַזוי ווי אין רייפן.

א טומל צעוואקסט זיך
ארום און ארום.
איך קוק און ס'נעמט פרירן
דאָס בלוט אין די שלייפן:

אָט טראָגט מען א שווארצן,
פארסמאליעטן גוף.
אווראָם האָט פארלאָרן
זײַן ווײַב די געטרײַע,
נאָר פלוצים דערזע איך—
אווראָם פלאטערט אוף:
„גענוג שוין, וואָס שטייסטו
געבויגן אין דרײַען".

„זי איז נאָר געלעגן
אזוי ווי א בארג,
זי איז שוין קיין נעפעש
סײַווי ניט געווען.
דו האָסט נאָר געטראָגן
א יאָך אפן קארק.
ניט טרעפן בא דיר זאָל
קיין גרעסערער העזעק"— — —

איז טאקע גענוג שוין
צו זינקען אין פײַן,
וואָס שטייט איר אזוי־אָ
אין דרײַען געבויגן?—
קיין גרעסערער אָנווער
בא אײַך זאָל ניט זײַן!
און לעשט אויס דעם אומעט
אין אײַערע אויגן!..

איר וועט ניט פארבלײַבן
אזוי אפ באראָט.
דעם גאָט פון אווראָהאָם,
פון ייִצכאָק און יאנקעוו,
דעם דאָזיקן גרויסן
געאכפערטן גאָט
וועט איר פאר זײַן כעסעד
אי לויבן, אי דאנקען:

ער וועט זיך אָנ אײַך אינ די הימלענ דערמאָנענ
אונ וועט אײַך נארײַענ א יונגע אלמאָנע.

אונ וועג די פיר פלעקענער וועט מענ צעשטעלנ
וועט טייקעס אינ הימל א שפאלט זיך צעהעלנ.

אונ דראָשעגעשאנק וועט זיך אָנהייבנ שיטנ
אונ שיטנ אונ שיטנ אונ פלוצלינג—אינמיטנ

וועט געבנ א פאל אפ דער זײַדענער כופע
פונ טײַערנ גאָלד א געדראָלבעטע סטופע.

אונ מאקעס מיט ראקעס אונ שטיינער מיטביינער
אונ זאכנ פונ וועלכע איר ווייסט גאָר אליינ ניט.

עס וועט זיך צעפלייצנ אינ הימל א הארפע,
פונ גליק וועט אײַך אָנהייבנ טראָגנ אונ ווארפנ.

אונ ווײַט, אזש אהינ וועט דאָס גליק אײַך פארטראָגנ,
ווו שיידים פארקלײַבנ זיך גיינ מיטנ מאָגנ.

דער גלאוונער מעכאבל וועט קומענ אנטקעגנ
מיט גרינע אזעלכע פארסמאָדערטע נעגל.

בא אים אפנ עק וועט זיך באָמבלענ א פליאשקע
מיט אײַנגעססאלירטער פארצײַטיקער מאשקע.

ער וועט זיך צעלאכנ, דערנאָכ וועט ער פלײַסיק
די צונג זײַנע אויסשטעלנ אײַך אפ פארבײַסנ.

2

אינ הימל שווימט א מעס מיט זונ באגאָסנ
אונ נאָכ דער מיטע שאָרכענ אפנ ברוק
א צוויי—דרײַ יידענעס, א פאָר שאמאָסים — — —
וואָדענ, געגוג...

ס'וועט זײַנ גענוג פאר איר, ס'וועט סטײַענ,
איך האָב געקענט דעם בארמינענ, איז אָט:
די ליידיקײַט זאָל גיינ נאָכ איר לעווײַע,
די הינט פונ שטאָט.

און קײנער זאָל ניט יאָמערן, ניט װײנען!
און אויב א טרער פון איר מעזינקע איז נאָך קארג,
טאָ זאָלן יאָמערן מיט איר אינײנעם
די קעץ פון מארק.

אָט גײט זי, איר טאָכטער, אָט איז זי,
א פרוי אין די מיטעלע יאָרן,
מיט ברעמען, װי אָפענע שפיזן,
װאָס האָבן די שארפקײט פארלאָרן.

אין בליק—א פארשלאָסנקײט שפרײט זיך,
דעם שטערן—א קנײטש נעמט באַרירן.
אָט איז זי, איר טאָכטער, אָט גײט זי,
די אײדעלע אָפּצװײַגונג אירע.

איז װײס מען אפ אָט דער מיזינקע,
אז זי האָט צװײ מאנען געביטן,
איז װײס מען, אז זי איז א פלינקע
און קען ניט געפינען קײן דריטן.

איז װײס מען. װאָס װײס מען? מע װײס נאָר:
א קלײסטער, אפ מיזרעך דער טאָג רײַסט.
זי לאַכט. און מיט איר הינטער קלײסטער—
א שטשופּלער און שטילער פּאָטאָגראַף.

זי שמײכלט, נו שמײכלט ער אױכעט,
איז שמײכלען זײ בײדע מיסטאָמע.
װאָס װײס מען? מע װײס, אז זי רױכערט
נאָך מער פון איר טאטן אװראָמען.

נאָר װו איז ער? שא.
װו איז ער, ניטאָ?
אװראָמ װו איז, הא?
אהא, ער איז דאָ.

אָט שטעלט ער זיך אָפּ.
ער האָט זיך פארקלערט
און ס'נידערט אראָפּ
די מיטע אפ דר'ערד.

צי כליפעט ער? ניין:
ס'איז אים דאָך זײַן ווײַב
א ביין פון זײַן ביין,
א ריפּ פון זײַן לײַב...

ער קוקט זיך נאָר איינ
א רידל ארויס,
א רידל ארײַנ
אונ פארטיק אונ אויס.

די ערד שליסט זיך צו,
ס'ווערט שטיל אומעטום,
אנ אײַזערנע רו
ברעכט אויסעט ארום.

איז גייט מענ אהיים,
מע גייט מיטנ וועג,
אונ ס'איז שוינ פונ בוים
דער שאָטנ אוועק.

עס ליגט אונטער שלאָס
די ליכטיקע שײַנ.
די זונ איז נאָרוואָס
אינ הימל ארײַנ.

זי האָט זיך פארמאכט,
זי האָט זיך פארשפארט.
עס גרײַפט אָנ די נאכט
אקשאָנעסדיק־הארט.

ס'איז שטיל, צי ניט שטיל?
דער ווינט, דאכט זיך, פירט
א הילכיקע שפּיל
אינ פוסטנ עפיר.

טאָ ווארט זשע, אונ שליס
דעמ גאנג אונ דעמ טראָט:
דער הימל באשיסט
מיט שטערנ די שטאָט.

א ווײַלע שטעל אָפּ
דעם אָטעם אין מויל,
אָט זע: ס'איז אראָפּ
א שטערן־א קויל.

און זילבערדיק־בלוי
אין וועג זיך צעשטראַלט
און סטראָמ האלאוואָי
אוועק הינטער וואלד.

די לופט איבער פלוין
איז טויִק און קיל.
איך ווייס ניט אליין:
ס'איז שטיל, צי ניט שטיל.

3

ס'איז שוין די וואנטצײַטונג פון לאנג פארענדיקט,
איך האָב נאָרוואָס דעם קלוב פארלאָזן.
איך גיי. און אָפן איז דער שליאך ווי שטענדיק.
ס'איז פול מיט שטערן די בעריאָזע.

די נאכט איז הויך. די נאכט איז טיף. און ווינטן שפאנען.
עס פרווּווט א ווינט דעם צווייטן ווינט א רופ טאָן.
איך גיי. און זעקס אעראָפּלאנען
פארהויבן זיך, פארשנײַדן זיך אין לופטן.

די גאנצע שטילקייט האָבן זיי צערודערט,
צום ווײַטן הימל זיך א ריס געגעבן.
צו גאָר די הויכן איז געוועגדט דער רודער —
די ערד אליין ווערט קנאפ פאר אונדזער לעבן.

זיי רײַסן זיך אלץ העכער און פארשווינדן
און איבער קאָפּ צערינט שוין דער געווימל.
איך גיי און הער: צום גוטן פלאטערן די ווינטן.
איך גיי און זע: די שטערן פרייען זיך אין הימל.

און צעוויגט איז די נאכט און ס'איז לופטיק אזוי
און עס שווענקט זיך אין בלויקייט דער גאנצער שאָסיי.

דאכט זיך עמעצער גייט? גלײַך און גלײַך אָט אהער.
דאָס איז, דאכט זיך, אווראָם? דאָס איז ער, טאקע ער.

נאָך א טראָט. נאָך א שפאן. און ער גיט זיך א בויג
און ער שווינדלט שוין ווידעראמאָל פארן אויג.

עס איז נאָך דער לעווייע. אווראָם שטעלט זיך אָפּ.
ער האָט שטיל איינדערלופטן פארהויבן דעם קאָפּ.

און אזוי, מיט לעוואָניקער שײַן אפן שלייפ
האָט ער פּלוצים פארקערט צו זײַן אייגענעם הויף.

און ערגעץ אין דער לופטן רופט זיך אָפּ א ווינט
און אפן ראנד איז די לעוואָנע שוין געפאלן.
זי גייט אוועק און זי פארשווינדט,
קעדיי אפ מאָרגן ווידער זיך צעשטראלן.
(סאָף קומט)

נויעכ לוריע

# עליע יאָרש

(פאָרזעצונג) *)

## צווייטער קאפיטל

## די צערודערטע היימ

אינ איינעמ א פרילינגס־פארנאכט האָט זיכ אפ א באנ־סטאנציע אינ סטעפּ ארויסגעזעצט א פאסאזשיר אינ גרויענ האלב־מיליטערישנ, האלב־ארעסטאנטישנ אָנטאָנ. ער האָט זיכ באוועגט שטיל אונ ניט גיכ, איז, אפּאָנעמ, געווענ זייער מיד. ער איז ארויס דורכנ וואָקזאלכל אונ האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אויסקוקנדיק אפ א פור, נאָר קיינ פור האָט זיכ ניט געזענ. דענסטמאָל האָט זיכ דער פאסאזשיר אוועקגעלאָזט אינ וועג ארײַנ צופוס, אלצ אזוי מיד אונ ניט גיכ, נאָר מיט יענעמ גאנג, וואָס קאָנ שפּאנענ מײַלנ אונ זיכ ניט אָפּשטעלנ.

ס'האָט געטונקלט. האלב פארווישט האָט זיכ דעמ אָנגעקומענעמ געוויזנ די געגנט, זי איז אימ געווענ באקאנט. די לאנג ניט־געזעענע ערטער האָבנ זיכ פאמעלעכ איינס נאָכנ אנדערנ אזויווי ארויסגעוויקלט פונ זײַנ זיקאָרנ אונ זיכ אויסגעלייגט ארומ אימ. אונ וואָס נעענטער אונ היימישער זיי זײַנענ געוואָרנ, אלצ מער האָט געדרעגט זייער שווײַגנ.

דער מענטש איז אָנגעקומענ פונ ווײַט. אינ זײַנ לאנגנ וועג דורכ לאנד האָט ער זיכ צוגעקוקט צו די גרויסע נײַסנ, וואָס זײַנענ געשעענ, זינט ער איז אוועק, זיכ צוגעהערט צו רייד. עפּעס האָט עס אימ אלצ אויסגעוויזנ אי זייער פראָסט, אי זייער הארב. ווי מיד ער איז געווענ, איז ער נאָכ מער געווענ צערודערט. ער האָט געזוכט פעסטע זאכנ, עפּעס קלאָרס צווישנ טרייסלעניש אונ ראש. עפּשער, וועט ער עס געפינענ אינדערהיימ, ווו יעדער שטיינ איז אימ אמאָל געווענ באקאנט?

ער האָט געהאט צו גייג עטלעכע שאָ. ס'איז שוינ געווענ טיפע נאכט. אינ דער הייכ—דער שטערנדיקער הימל, ארומ—דער אָטעמענדיקער סטעפּ. אָט האָט זיכ אָנגעהויבנ דער גרויסער בארג־אראָפּ צומ טײַכל. אונטנ, אינ שמאָלנ טאָל, ליגט די היימ. פינצטערניש דעקט זי צו. ס'לויכט זיכ ניט קיינ פײַערל. אָנ דאָרט איז דאָס שטיבל.

*) זע „שטערנ" נומ. 4

חו ער איז געבוירנ געוואָרנ—א בערגל טונקלעניש צווישנ אנדערע אזוינע. אז ער וועט אָנקלאפּנ, ווער וועט אימ עפענענ?

די דאָרפישע גאס איז געווענ פוסט. דאָס ליימ־שטיבל מיטנ פלאטשיקנ דאכ פארלאָשנ אונ שטומ. ער האָט שטיל אָנגעקלאפּט מיט א פינגער אינ שויב, ווי ער איז עס געוווינט געווענ אמאָל, אז ער פלעג זיכ אומקערנ אפ נאכט אינ א שפּעטער שאָ.

— ווער איז׳ס?

— איכ, עליע...

די מוטער איז ארויסגעלאָפנ אימ עפענענ. אינ פירהויז, אינ דער פינצטער, אָנ ווערטער אימ צוגעדריקט צומ הארצנ. ער האָט ניט געשריבנ. מע האָט שוינ געהערט, אז ער לעבט ניט. נאָר זי האָט ניט אופגעהערט אפ אימ צו ווארטנ.

— איכ האָב גלייַכ דערקענט דייַנ קלאפּ—האָט זי געזאָגט.

א דארינקע, ניט קיינ הויכע, האָט זי זיכ גערודערט ארומ איר צוריקגעקומענעמ זונ, אָנגעצונדנ דאָס קאנעצל, צוגעטראָגנ צו זייַנ פּאָנעמ אונ אָנגעקוקט עס פונדערנאָענט.

— ביסט פארוואקסנ. ווילסט אוואדע עסנ.

אוועקגעשטעלט דאָס לעמפּל, ווידער צוגעלאָפנ, געשטאנענ לעמ אימ א ווייַל, א גלעט געטאָנ זייַנ אקסל, געטאָנ א כליפּ, געטאָנ א לאכ.

— וויפל האָב איכ דיכ ניט געזענ? זעקס יאָר. די פיס טוענ דיר אַוואדע ווײ. נאָכ אזא וועג. זיצ.

אונ פלוצימ—זיכ א כאפּ.

— אוי, וואָס שטיי איכ, ביסט אוואדע הונגעריק.

אונ ווייַטער זיכ געדרייט ארומ זונ, ניט געקאָנט אוועק.

דער פאָטער אונ די גאנצע מישפּאָכע זייַנענ געשטאנענ ארומ גאסט. פונ שאָטנ אונ שוואכער שייַנ האָבנ אפ אימ געקוקט פּענעמער באקאנט אונ מאָדנע אנדערש, ווי ער האָט זיי געדענקט: יאנקעלע, דרייַ יאָר אלט, ווענ עליע איז אוועק דינענ, האָט איצט מיט נייַגער אונ קינדערשער גאדלעס אָנגעקוקט דעמ עלטערנ ברודער, וואָס איז ארפּגעקומענ פונ די מילכאָמעס. לייקע איז פאר דער צייַט געוואָרנ א דערוואָקסענער מענטש מיט טיפנ בליק פונ אונטער געדיכטע שווארצע ברעמענ. ביילקע האָט זיכ שטארק אונטערגעצויגנ, זעט אויס שלעכט, אָנ א שמייכל אפנ פּאָנעמ. דער טאטע האָט זיכ וויינִיק געענדערט, ווי שטענדיק אויסגעהאָרעוועט אונ צוגעשלאָגנ.

— אונ ווו איז מוישקע?—האָט עליע געפרעגט.

— אוועק מיט די „גרויסע", ווענ די דייַטשנ האָבנ זיכ אָפּגעטראָגנ פונדאנענ.

מ׳האָט פארנ גאסט אויסגעבעט א באזונדער געלעגער, די איבעריקע האָבנ זיכ איינגעלייגט ענגער. דאָס קאנעצל איז שוינ געווענ פארלאָשנ. עליק האָט זיכ אויסגעטאָנ אינדערפינצטער. שוינ אָנ די שטיוול געבליבנ זיצנ א ווייַל מיט ארפּגעלאָזטע פיס. „אלצ נאָכ מילכאָמע"... האָט ער איבערגעטראכט, אונ דערפונ האָט עס אימ פארקלעמט אזוי, אז ער האָט געוואָלט קרעכצנ. ער קענ ניט מער, ער איז מיד...

אין דער פינצטער האָט מען נאָך לאנג גערעדט. מע האָט געוואָלט הערן, וויאזוי איז עס אלץ געשעען, ווען איז ער אריינגעפאלן אין געפאנגענשאפט, וויאזוי האָט זיך אים דאָרט געלעבט? ער האָט געענטפערט זייער קארג. אינאָנהויב איז מען געווען אין קאָנצלאגער. צוואנציק טויזנט מאַן אין באראקעס. טיפוס. צוויי דריטל זײַנען אויסגעשטאָרבן. ער האָט אויך געקרענקט. שפּעטער האָט מען זיי פאנאנדערגעשיקט אפ ארבעט, איז שוין געוואָרן נישקאָשע. ער האָט געארבעט בא לאנדווירטשאפט. מע קאָן זיך דאפקע בא זיי עפּעס אויסלערנען. ער האָט איינמאָל געפרווט מיט א קאָמפאניע אנטלויפן אין דער שווייץ, האָט מען זיי אפּ דער גרענעץ געפאקט און ווידער פארשפארט אין לאגער... אסאך צו דערציילן.

כײַע־ריווקע און די קינדער האָבן אים אלץ געטאָרעט, אויסגעפרעגט, געוואָלט וויסן נאָך און מער. מייער האָט זיי אײַנגעהאלטן.

— גענוג, גענוג, לאָזט אים שלאָפן.

מ'איז שטיל געוואָרן. אלע זײַנען געלעגן מיט אָפענע אויגן, נאָר דער אלטער, וואָס דער באנאכטיקער איבערשלאָג איז אים געווען שווער, האָט שוין אָנגעהויבן אונטערכראָפּען. אין דער שטילקײַט האָט עליק א פרעג געטאָן:

— ער איז אליין אוועק?

— ווער?

— מוישקע.

— אליין.

דער קליינער יאנקעלע האָט געזאָגט:

— מיטן קאָמסאָמאָל.

עליע האָט געשוויגן. נאָר ס'האָט זיך אים ניט געשלאָפן. דאָס לײַב איז אויסגעגאנגענע נאָך רו, נאָר קיין רו איז ניט געקומען. א טויבע צערודערטקײַט האָט אים געמאטערט. קאָמסאָמאָל... וואָס איז עס פאר א וואָרט? ער האָט עס שוין געהערט אין וועג. אפאָנעם, דאָס אייגענע, וואָס באָלשעוויק... באָלשעוויק, רעוואָליוציע, רויטע ארמיי... עליע האָט זיך דערמאָנט די פרייד בא די געפאנגענע, אז מ'איז געוווירע געוואָרן וועגן די איבערקערענישן אין רוסלאנד. אראָפּ דעם קייסער! אויס מילכאָמע! לעניג... מאכט פון ארבעטער און פויערים... נאָכדעם איז זייער שווער געווען דאָס ווארטן, ביז מע האָט דערלעבט פאָרן צוריק. און אָט איז ער שוין אינדערהיים. ווו זשע איז עס, וואָס דאָ איז געשעען? ניטאָ קיין רו, אין וועג — שיסערײַען, איבערגעקערטע לאָקאָמאָטיוון, ספּעקוליאנטן מיט זעק. און מוישקע איז אוועק מיט דער רויטער ארמיי... מיטן קאָמסאָמאָל... וויפל איז ער אלט, מוישקע? נײַנצן יאָר. פאראן סאָנים, פארשטייט זיך, נאָר ווי לאנג? ווען וועט זיך עס ענדיקן?..

עליק האָט זיך געקערט פון זײַט אפ זײַט, האָט שווער געאָטעמט.

— וואָס איז דיר, מײַן זון?—האָט כײַע־ריווקע א רופ געטאָן.

ער האָט ניט געענטפערט.

אינדערפרי איז עליק ארויס אין גאס. באקאנטע און פרײַנטלעך האָבן אים געגריסט, זיך אָפּגעשטעלט מיט אים שמועסן. א ייִר האָט געוואָלט וויסן:

— ווילהעלמען האָט מען טאקע אראָפּגעוואָרפן? ווו זשע איז ער איצטער? האָט ער כאָטש פונגוואנען צו לעבן? און מע וועט אים ניט מאכן, ווי אונדזערן, טשיק-טשיק?

עליע האָט ווייניק געוווּסט וועגן דעם צו דערציילן. שטיל, צום ערשטן מאָל דעם אינדערפרי, האָט ער א פרעג געטאָן:

— און וואָס הערט זיך דאָ בא אונדז?

אָט די געוויינלעכע פראגע איז אים אָנגעקומען מיט גרויס מאטערניש, ווי ער וואָלט דערמיט אופגעהייבן א מוירעדיקע מאסע. די פראגע האָט אים געדארפט ברענגען ענטפער אפ אויגנס, וואָס האָט אים שטארק געמוטשעט. דער ייִד האָט זיך אָפגעוועוערטלט גרינג:

— בא אונדז קאָכט זיך דערווײַל. צום עסן איז נאָך ווײַט.

שפעטער האָט עליע באגעגנט כאסקלען. יענער האָט ערגעץ געיאָגט אפ א פורל מיט א פאָר ניט קיין גרויסע, מאָגערע, זשוואווע פערדלעך. דערזען עליען, איז ער אראָפגעשפרונגען פון דער קעלניע און זיך וואַרעם צעקושט מיט אים.

— לעבסטו נאָך, גוטער ברודער? און מירן געמיינט, ביסט שוין לאנג דאָרט, פונוואנען מע שרײַבט קיין בריוולעך ניט.

א וווּקסיקער, א באהעגלעכער, פארברענט פון דער פרילינגדיקער זון, איז ער, ווי שטענדיק, געווען פריילעך אופגעראָמט.

— נו, וואָס זשע מאכסטו, ווי איז עס דיר געגאנגען בא די דײַטשן? איך אײַל נאָך א דוויִ פאסאזשירלעך, כ'דארף זיי אָפפירן אפ דער סטאנציע. ווי געפעלן דיר אונדזערע געשעפטן? קוקסט אפ מײַנע פערדלעך? ס'איז נאדאנ. כ'האָב כאסענע געהאט, קום ארײַן.

און ער איז אוועקגעפאָרן.

עליע האָט א טראכט געטאָן: ער איז שוין געווים לאנג אינדערהיים. ס'פעלן אים צוויי פינגער אפ דער רעכטער האנט. אסאך האָבן אזוי געטאָן.

ס'איז געווען ארום צוועלף. הייסע זון. די גאס—פוסטלעך. עליע האָט זיך געפילט מיד, ניט אויסגעשלאָפן. „געוונג זיך ארומצודרייען"... נאָר דער אומרו האָט אים ניט געוואָלט אָפלאָזן... „וואָס זעט מען ניט סטיסיען?" האָט ער געטראכט. „צי איז זי נאָך אין דער קאָלאָניע? עפשער, ערגעץ אין דער פרעמד?..."

ער איז פאמעלעך געגאנגען צו יענער זײַט, וווּ אירע עלטערן האָבן געוווינט, נאָר ניט דערגאנגען. פונוויַטן האָט זיך געזען דאָס באקאנטע שטיבל. ס'איז געשטאנען, ווי אמאָל, אביסל אויסגעקריכט אפ א זײַט. א מאָגערע אקאציע פונפאָרנט. ער האָט עס אָנגעקוקט א ווײַל און פארקערעוועט צוריק. ס'האָט אים פארדראָסן אפ זיך: יאָרן ניט געזען, זעלטן ווען זיך דערמאָנט. פאר דער צײַט האָבן זיך געמאכט אלערליי באגעגענישן. און זי—זי האָט אים שוין, אוודע, פארגעסן, זי האָט שוין, עפשער, אן אנדערן. אז מע וועט אָנקומען איינער דעם צווייטן אנטקעגן, וועט מען זיך ניט אויסמײַדן, פארשטייט זיך, נאָר וואָס האָט ער זי צו זוכן?

אין שטוב האָט עליע זיך אלץ געגרייט א פרעג טאָן בא דער מאמען, וואָס הערט זיך נײַס אין דער קאָלאָניע, ווער האָט זיך געגעט, ווער האָט כאסענע געהאט פאר דער צײַט, און אזוי ארום עפעס געוווירע ווערן וועגן דעם, וואָס אים האָט אינטערעסירט. נאָר ס'האָט זיך ניט געפרעגט.

— שפאר זיך צו, ביסט אויסגעמאטערט—האָט כײַע־ריווקע אים געבעטן, זעענדיק, ווי ער שטייט א צעטראָגענער.

עליע האָט געפאָלגט, זיכ צוגעלייגט אפ דער סאָפקע, אביסל געשלאָפנ, זיכ אופגעכאפט אונ געלעגנ מיט אָפענע אויגנ. סטיסיע איז אים געשטאַנענ פאר די אויגנ אזא, ווי ער האָט זי געקענט פאר זײַנ אוועקגיינ דינעג—בלײַענדיק, יונג, מיט אנ אָפענעם האלדז, מיט א רויכעלע פונ העל־בלאָנדע פלײַענדיקע הערעלעכ איבערנ שטערנ.

דעם צווייטנ טאָג, אז ער איז ארויס אינ גאס, איז אים אָנגעגאַנגענ אנטקעגנ מוישע־ארנ פרימאק—לאנג, מיט דעמ ניט־גוטנ כויזעק־שמייכעלע, וואָס איז עליענ נאָכ פונ אמאָל געזעסנ אינ די לעבער. שויעל האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ געוואָלט פארבײַגיינ, נאָר מוישע־ארנ האָט אים אָפּגעשטעלט:

— שאָלעמ־אלייכעמ, א גאסט. וואָס מאכנ עפּעס די דײַטשנ?.. אונ דו—ביסט ניט געוואָרנ דאָרטנ קיינ באָלשעוויק? ניינ?

עליע האָט אויסגעשטאמלט עפּעס אומדײַטלעכס:

— כ׳ווייס, וואָס איז דאָ וועגנ מיר צו ריידנ...

מוישע־ארנ האָט אים דורכגענומענ מיטנ בליק, באטראכט זײַנ אויסזענ.

— קלערסט ניט וועגנ ארבעט?—האָט ער פּלוצימ א פרעג געטאָנ.— ס׳גייט צו זומער. קיינ מענטשנ האלט איכ איצט ניט, פארשטייט זיכ, נאָר, אז דו וועסט האָבנ כיישעק, וועסטו מיר צוהעלפנ. מירנ זיכ דעריידנ.

מע וועט דארפנ ארײַנגיינ, האָט עליע פאר זיכ א טראכט געטאָנ. ארבעטנ מוז מענ דאָכ...

אינאָווונט זײַנענ צו מייערנ ארײַנ צוליבנ גאסט א צוויי שכיינימ. בא דער שוואַכער שײַנ האָט מענ שטיל געשמועסט. מע האָט געמאכט א שטיקל כעושבנ:

— ערד איז שוינ דאָ, מע קאָנ ניט זאָגנ, דאָס איז א גרויסע זאכ.

— טאקע גאָרניט קיינ קליינִיקײַט!

— יאָ, אָבער צו דער ערד? מיט די הוילע פינפ פינגער וועסטו גאָרניט מאכנ.

— וואָס ווילט איר, זיי סטארענ זיכ, נאָר אז מע לאָזט ניט צענעמענ די הענט. אָט האָסטו די דײַטשנ, אָט האָסטו פּעטליורענ, אָט קערט זיכ איבער גריגאָריעוו אפ יענער זײַט. אונ דאָרטנ, וואָס הערט זיכ? אינ גערמאניע, אינ די איבעריקע לענדער? וואָס שווײַגסטו, עליע, דערציילּ עפּעס, ביסט דאָכ אויסגעווענ א וועלט.

— ווער האָט זי געזענ, די וועלט, אזוי. סע טומלט זיכ.

עליע האָט נאָכ אלצ גאָרניט געטאָנ ניט ארומ שטוב, ניט ערגעצ אנדערש. ער איז אסאכ געלעגנ, געזעסנ אפ דער באנק פארנ טויער, געשטאַנענ מיט דעמ, מיט יענעמ אינ גאס. כײַע־ריווקע האָט פארשאפט פונ ערגעצ א ביסל צוקער, קיינעמ דערפונ קיינ ברעקל ניט געגעבנ, געשפּאָרט עס נאָר פארנ זונ, פאר אימ אפ א גלעזל זיסע מערנ־טיי. ער האָט זיכ געפילט אויסגעמאטערט ביזנ קליי פונ די ביינער, אונ נאָכ מער האָט ער זיכ געפילט אומרויִק, טויב-צערודערט, אונ שטענדיק אזוי, ס׳האָט אים ניט אָפּגעלאָזט אפ קיינ מינוט.

מ׳האָט געמוזט עפּעס טאָנ. די שטוב איז געווענ ליידיק אונ פארוואָרלאָזט. דעמ גאָרטנ האָט כײַע־ריווקע מיט ביילקענ ווי ניט איז אויסגעארבעט. א בעהיימע איז אויכ געווענ—א שוואכע, ווי די גאנצע באלעבאטישקײַט. דעמ אלטנס שוסטערײַ האָט וויניק וואָס ארײַנגעבראכט, ס׳איז ניט געווענ מיט וואָס צו לאטענ, אונ אלע האָבנ

זיכ מיטאמאָל אויסגעלערנט, געוואָרנ פאַר זיכ שוסטער. דעריקער אָבער האָט מענ זיכ געמוזט זאָרגנ וועגנ ברויט. לייע האָט געדינט פאַר אנ אופּראַמערנ אינ דאָרפ־ראַט אונ דאָרטנ באַקומענ איר האַלב פונט אפּנ טאָג. ווײַטער האָט מענ געמוזט קויפנ, אונ ס'איז ניט געווענ פאַר וואָס. עליע האָט זיכ באַקלערט אונ איז אוועק צו פרימאַקנ.

ס'איז געווענ פאַרנאַכט. מוישע־ארנ איז געשטאַנענ פאַרנ גאַנעק, זייער ווייניק געענדערט פאַר די זעקס יאָר, לויט ווי עליע האָט אים פאַרגעדענקט, אביסל נאָר מער אָפּגעבליאַקעוועט אונ נאָכ ערגער, ווי אמאָל, אָנגעטאָנ, טאַקע גאָר אָפּגעריסנ אָנגעטאָנ, ווי א שלעפּער קימאַט, נאָר דאָס זעלבע כויזעק־שמייכעלע אונטער דער לאַנגער נאָז, דאָס זעלבע שיטערע בערדל פונ אומבאַשטימטנ קאָליר. ער האָט דערזענ עליענ אָנקומענ פונ ארופּ גאַס, פאַרשטאַנענ, אז ער גייט צו אים, אונ אויסוואַרטנ־דיק אים אָנגעקוקט.

— ס'וואָלט ניט געשאַט א רעגנדל — האָט ער געזאָגט, אז עליע האָט זיכ דער־נעענטערט.

עליע האָט עפּעס א ברומקע געטאָנ, אראָפּגעשלאָגנ פונ דעמ, וואָס ער האָט זיכ צוגעגרייט זאָגנ. איצט האָט ער ניט געוווסט, וויאַזוי אָנהייבנ. אינעמ באַקאַנטנ הויפ איז אַלצ געווענ אפּ די ערטער, ווי אמאָל, נאָר שטיל זייער איז דאָרטנ געווענ. קיינ קעלבל, קיינ אָפּ, אַלע טירנ צו דער שטוב, צו די שטאַלנ, צו די שפּײַכלערס פאַרמאַכט, אונ קיינ קלאַנג פונ הינטער זיי, ווי די לעבעדיקע באַשעפּע־נישנ דאָרטנ אינעווייניק וואָלטנ געפילט דעמ באַלעבאָס ווונטש, אז הײַנט איז ניט קיינ צײַט צו ראַשנ.

— שוינ עפּעס היפּש פאַרזייט? — האָט מוישע-ארנ א פרעג געטאָנ.

— דערווײַל גאָרניט.

— שפּעט, שפּעט... וואָס האָט דער טאַטע דײַנער געטראַכט?

— ניטאָ מיט וואָס.

— וואָס הייסט מיט וואָס — מיט קאָרנ, מיט ווייצ, אונ ס'איז שוינ פאַר פראָסט גיכ די צײַט.

— יאָ, זריִע וואָלט מענ נאָכ, ווי ניט איז, עפּשער, קריגנ, נאָר פערד. דער טאַטע האָט ניט, אונ דינגענ איז טײַער.

— צו וואָס דינגענ? מע קאָנ אָפּאַרבעטנ. איכ האַלט ניט קיינ מענטשנ, נאָר פּאָשעט. א טויווע פאַר א טויווע.

דער טויער פונ שטאַל האָט זיכ א קאַפּעלע צעעפנט, אונ פונ דער טונקעלער שפּאַרונע איז מיט אנ איבערגעדעקטנ עמער מילכ ארויס א יונגע פרוי.

סטיסיע!..

זי האָט דעמ גאַסט ניט געזענ, צי זיכ געמאַכט ניט זעענדיק. מיט אָפּגעווענדטע אויגנ איז זי דורכגעגאַנגענ דעמ הויפ צו דער הינטער-טיר, פאַרשוווּנדנ אונ זיכ מער ניט געוויזנ.

מוישע-ארנ האָט מיט פאַרגעניגנ געלאָזט עליענ א היפּשע ווײַל שטיינ אינ זײַנ צעמישטקײַט. „וואָס טוט זי דאָ?" — האָט עליע א טראַכט געטאָנ. געוואָלט פרעגנ,

נאָר ס'האָט ניט געפּאַסט. ער האָט זיכ אומגעקערט צו דעם איניען, צוליב וועלכנ ער איז געקומען.

מוישע-ארנ האָט געשטעלט שווערע באַדינגונגענ: פאַר עטלעכע פוד זריִע אונ פאַר באַנוצנ די פערד אַפ צעאַקערנ אונ נאָכדעם אראָפּפירנ פונ סטעפּ—ארבעטנ אַפ אים דורכשניטלעכ דרײַ טעג אינ וואָכ ביז די הארבסטיקע יאָנטויווים. ס'האָט זיכ ניט געגלוסט ענטפערנ יאָ, ס'איז אומעגלעכ געווענ זאָגנ ניינ. עליע האָט געפּרוווט עפּעס אָפּדינגענ. מוישע-ארנ האָט געזאָגט:

— רעדסט מיט מיר, פונקט, ווי איכ וואָלט געווענ א באַלעבאָס אונ דו א באַטראַק. הײַנט זײַנענ מיר אַלע ארבעטער אונ פּויערים. מיר שמועסנ, ווי שכײנים. א טויווע פאַר א טויווע.

עליע האָט פארשטאַנענ, אז ס'איז פארפאַלנ. ער האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ צום געזעגענענ אונ מיט א באַוועגונג אוועקצוגיינ געזאָגט:

— אזוי בלײַבט עס.

די גאַס איז שוינ געווענ אָנגעדעקט מיט טונקל. עליע האָט זיכ געפילט ניט גוט. „וואָס טוט זי דאָרטנ בא אים?‟ האָט ער זיכ ניט געקאָנט באַרויִקנ וועגנ סטיסיען. „דורכגעגאַנגענ, ווי א פרעמדע, אפילע קיינ בליק ניט געטאָנ‟...

אינדערהיים האָט מענ זיכ ניט געכאַפּט אָנצינדנ פײַער. מע האָט זיכ געפּאָרעט אינ דער אָנהויבאָוונטיקער פינצטערניש. עליע האָט געזאָגט:

— כ'בינ געווענ בא מוישע-ארענענ. אנ עק.

— נו, האָסטו זי שוינ, מיסטאָמע, געזענ—האָט כײַע-ריווקע זיכ אָנגערופנ.

א קעלט איז אים צוגעפאַלנ צום הארצנ. ער האָט געפּרוווט אָפּווענדנ דעם ניט גוטנ געדאַנק.

— סאָרע-איידלענ?—האָט ער געזאָגט—ניינ, זי איז, אפּאָנעם, ניט געווענ אינ שטוב...

— א שיינע מײַסע. סאָרע-איידל ליגט שוינ אינ דער ערד העכער א יאָר. כ'מיינ די נײַעקנע זײַנע, די יונגע, דעם וואסערפירערס טאָכטער, וואָס איז דיר אנומלטנ נאָכגעלאָפנ.

— א...

פאַר דער מישפּאָכע יאָרש, וואָס האָט שטאַרק פארשפּעטיקט מיטנ פּאַרזיי, איז עליעס אָפּמאַכ מיט פּרימאַקנ געווענ א וויכטיקע געשעעניש. מ'איז שלעכט געשלאָפנ די נאַכט, מ'האָט געפיבערט, זיכ אָפט אופגעכאַפּט, טאָמער טאָגט שוינ. מיטנ שאַריִענ איז דאָס גאַנצע הויזגעזינד איינענעם מיטנ קליינוואַרג געווענ אַפ די פיס.

בא מוישע-ארענענ זײַנענ נאָכ די לאָדנ געווענ צוגעמאַכט, אז עליע איז געקרמענ. ער איז געשטאַנענ, געקוקט אַפ דער זונ, וואָס האָט זיכ געשווינד געהויבנ איבערנ גרינעם בּרעג פונ סטעפּ, זיכ צוגעהערט, עפּשער רירט מענ זיכ שוינ אינ שטוב, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ—אָנקלאַפּנ, צי אוועקגיינ אונ קומענ נאָכאַמאָל.

די טיר האָט א בריאַזגע געטאָנ. סטיסיע איז ארויסגעגאַנגענ—באָרוועס, די האָר צעפּאַטלט נאָכנ שלאָפ.

— עליק... וואַרטסט שוינ לאַנג?—האָט זי געזאָגט מיט עפּעס א ווײַטנ אָפּקלאַנג פונ צאַרטקײַט אינעם קאָל.

— װעגן די פערד. מירן נעכטן אָפּגערעדט.

— איך װײס. ער ־האָט מיר געזאָגט. קום װעסטו זײ נעמען.

זי האָט אים װעגן גאָרניט געפרעגט, ניט דערלאַנגט אים די האַנט, מאָדנע פרעמד און מאָדנע נאָענט, װי ערשט נעכטן זיך צעשײדט. זי איז אַװעק אַפּריִער, און ער נאָך איר. די נאַקעטע ליטקעס און הענט, גלאַטע און לײַכט־פאַרברױנטע פון דער זון, האָבן עליען דערמאָנט װעגן דער אמאָליקער סטיסיען. נאָר דאָס פּנים אירס האָט אים אויסגעװיזן פּריקרע איבערגעביטן, כאָטש שװער צו זאָגן, מיט װאָס, אײַנגעטלעך.

סטיסיע האָט אַרױסגעפירט די פערד פון שטאַל, איבערגעגעבן עליקן דעם נײַ־טיקן שפּאַן־געשיר, דערבײַ ניט אופגעהויבן צו אים די אויגן, ניט גערעדט קײן װאָרט, שװײַגנדיק האָט זי אים באַגלײט ביז אויסן טויער און פון דאָרטן לאַנג נאָכגעקוקט, װי ער גײט אַװעק.

אזוי האָט די מישפּאָכע יאָרש צום ערשטן מאָל פאַרזײט די ערד. עליע איז גע־גאַנגען נאָכן אַקער און האָט געטראַכט: „מע האָט דאָ אָראָפּגעװאָרפן די באַלעבאַ־טים, נאָר סטיסיע איז געװאָרן מײַן באַלעבאָסטע. שװער צו פאַרשטײן, װאָס עס טוט זיך"...

אין אַ פרײַען פאַרנאַכט האָט אים כאַסקל שנאָל באַגעגנט און פאַרנומען מיט זיך.

— מײַנע פערדלעך האָסטו שוין געזען? קום װעסטו אַ קוק טאָן אויף מײַן בע־היימע, אויף מײַן דירע, אויף מײַן װײַב.

די דירע איז געװען ריין געװײַסט און ציכטיק צוגעקליבן, דאָס בעט הויך פאַרבעט מיט אַסאַך קישנס אײנע אויף דער אַנדערער, װאָס העכער—קלענער. דאָס װײַב האָט אופגענומען דעם גאַסט מיט אַ שמײכעלע, אין װעלכן ס'איז געװען אי פרויען־כײַן, אי באַלעבאָסטע־פרײַנטלעכקײַט, אי יענע אײַנגעהאַלטנקײט און ניכטערקײַט, װאָס לאָזט זיך קײנמאָל ניט נאַרן. די בעהײמע האָט עליע געזען באַם טויער פון שטאַל— גאָרניט שלעכט געהאָדעװעט פאַר אַזאַ שװערע צײַט, מיט שטײַף־אָנגעפילטן אײַטער, הערנער און אויגן אַזוינע, װאָס האָבן פּײַנט, אַז עמעצער זאָל זיך זײ שטעלן אין װעג. אין דער שפּײַזשאַרניע, װי מ'האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן פון דעם, װאָס אין שטוב האָט זיך געבאַקן און געקאָכט, איז, אַפּאָנעם, געװען פאַרגרײט גענוג אי גרויפּנס, אי מילכיקס.

מע האָט אים פּײַן אופגענומען.

— ציפּע!—האָט כאַסקל אַ רוף געטאָן דאָס װײַב, װאָס האָט אַלץ נאָכאַנאַנד עפּעס געטאָן.

זי איז צוגעגאַנגען, האָט ער פאַרלײגט אַ האַנט אַרום איר טאַליע און אַ פּינטל געטאָן צו עליען מיט אַן אויג. זי איז געשטאַנען אַ װײַל מיט איר שמײכעלע, אין װעלכן ס'איז ניט געװען קײן טראָפּן צעמישטקײַט.

— נו, װאָס דאַרפסטו מיך?—האָט זי אַ פרעג געטאָן און, ניט אויסװאַרטנדיק אויף קײן ענטפער, זיך אויסגעדרײט און אַװעק װײַטער צו איר אַרבעט...

אַ גוט־געװאַשענע, אַ שלאַנקע, מיט אַ קלײנער ברוסט, האָט זי זיך באַװעגט געשיקט און שטיל.

— הא, דער קערנ איז ווערט מער, ווי דער נאדנ? — איז כאסקל געווענ צופרידנ.

ער האָט געקלאפט עליענ איבערנ פלייצע, אָפנהארציק דערציילט, אז אויסער דעמ, וואָס ער פאָרט צו דער סטאנציע, כאפט ער זיכ אָפט אריבער מיט דעמ באנ, צי מיט דער פור, ווי ס'לאָזט זיכ, אינ ווייטערע ערטער. עפעס פירט מענ פונדאנענ אהינ אונ עפעס פונ דאָרטנ צוריק, דערביי פאלט אראָפ א פארדינסטל, אמאָל ניט אזוי אונ אמאָל גאָר נישקאָשע. ער האָט אימ גוט-ברודעריש בעייצעט זיכ אויכ נעמענ עפעס טאָנ. ער וועט אימ ווייזנ, ווו איינ, ווו אויס. פארשטייט זיכ, אז מע דארפ זיינ געהיט, ווייל מע קאָנ פארשפילנ דעמ רעוואכ מיטנ קערנ אונ נאָכ דעמ קאָפ א צוגאָב דערצו.

עליע האָט געשוויגנ. דעמ כאווערס שטוב, ווי זי איז — מיט דער באלעבאטישקייט, מיטנ וויינ, איז אימ געפעלנ געוואָרנ, האָט אימ אפילע טיפ גערייצט, נאָר ער האָט זיכ ניט געקאָנט אויסמאָלנ, וויאזוי-ארומ דאָס אלצ קאָנ געשענ מיט אימ. ער איז אוועק פונ כאסקלענ שטארק צעטומלט.

ער איז געווענ די צייט שוינ גענוג פארהאָרעוועט, אונ פאָרט האָט זיכ די צערודערטקייט אינעווייניק ניט געשטילט. פארקערט, אלעמאָל האָבנ זיכ געמאכט אומשטענדנ, וואָס האָבנ אלצ מער צעדרייט.

לעבנ דאָרפסראט האָט ער באגעגנט הילענ, פרימאקס זונ, אָנגעטאָנ, ווי א מיליציאָנער, מיט א רעוואָלווער בא דער זייט. ער האָט אויסגעזענ זאט, די באקנ — מיט פעטלעכנ גלאנצ. די געווענטענע קליידער זיינענ אימ, ווייזט אויס, געווענ צו ווארעמ. ער האָט אָפט אונטערגעהויבנ דאָס היטל אונ געווישט דעמ שווייס פונ שטערנ, דענסטמאָל האָט מענ באמערקט, אז די האָר אפנ קאָפ זיינענ אימ שוינ גאָר שיטער. א ייִדענע האָט מיט אימ וועגנ עפעס איינגעטיינעט, צוהאלטנדיק פאר אנ ארבל, געוווינטשעוועט געזונט אונ לאנגע יאָר, געבעטנ ראכמאָנעס, צוגעזאָגט אייביק ניט פארגעסנ, אונ ער האָט זיכ אומצופרידנ געקרימט, אָפגעשפיליעט אונ צוריק פארשפיליעט דאָס אויבערשטע העקל פונ דער גימנאסטיאָרקע אונ פונ מאָל צו מאָל, איבערהויפט, ווענ מענטשנ זיינענ פארבייגעגאנגענ, געהאריקעט אונ בעגלאָצט מיט די אויגנ. דערזענ עליקנ, האָט ער די ייִדענע א שטופ אוועק געטאָנ מיט דער האנט, אונטערגעצויגנ דעמ גארטל אונ מיט פינגער, אופגעהויבענע צומ ראשעק, געמאכט א פאָר טריט אנטקעגנ דעמ גאסט.

— דערקענסט מיכ? — האָט ער זיכ צעשמייכלט, לאָזנדיק זיכ באטראכטנ. — אסאכ מענטשנ דערקענענ מיכ ניט.

— יאָ, — האָט עליע געזאָגט — ביסט געוואָרנ א גאנצער נאטשאלניק.

— אונ וואָס האָסטו געמיינט? אוואדע א נאטשאלניק. איכ, ברודער, אז איכ וויל, קאָנ איכ איינס אונ צוויי ארעסטירנ. גאָר פראָסט.

— פארוואָס זאָלט איר מיכ עפעס ארעסטירנ? — איז די ייִדענע פלוצים אריינגעפאלנ מיט קוילעס — וואָס האָב איכ אזוינס געטאָנ, מע זאָל מיכ ארעסטירנ? איכ האָב אופגעבראָכנ א שלאָס, צי איכ האָב אונטערגעצונדנ א קלויסטער? מיט וואָס האָב איכ עס פארדינט, איר זאָלט מיכ ארעסטירנ? ווייל איכ האָב אינדערהיימ פיר קליינע קינדער אונ א מאנ א קאליקע?

— אָבער דעם צוקער האָב איך געפונען, דעם צוקער. פון מיר באהאלט מען ניט.

ער איז, קענטיק, געווען צופרידן פון זיך און וואָס עליע זעט אים אין זײַן גרויסקײַט.

— מיר זײַנען ניט פון די פעפקעס! — האָט ער צוגעגעבן מיט א בארימערישן ווונק אין עליעס זײַט.

די ייִדענע האָט זיך ניט געשטילט:

— און אז אנדערע פירן מעל און זאלץ, פארוואָס ארעסטירט מען זיי ניט? וואָסי, זיי האָבן צו געבן כאבאר, און איך ניט?

דאָ האָט זיך היליע פרימאק פלוצים פארענדערט, אָנגעגאָסן מיט בייזקײַט, אזש די אָדערן אפ די שלייפן זײַנען אים אופגעדראָלן געוואָרן. דראָענדיק האָט ער אויסגעשיפעט צו דער ייִדענע:

— ווארט, וועסט באצאָלן פאר אזוינע רייד.

די ייִדענע האָט שוין פארשטאנען, אז זי האָט זיך ארויסגעכאפט מיט אן איבעריק וואָרט. זי האָט זיך פארענטפערט:

— וואָס האָב איך דאָ געזאָגט? איך האָב גאָרניט געזאָגט. איך האָב גאָר געזאָגט...

— וועסט שוין ווײַטער וויסן, וויאזוי צו ריידן...

היליע האָט מיטאמאָל אינגאנצן פארגעסן אינעם גאסט, ניט געקוקט אין זײַן זײַט. עליע איז געשטאנען א ווײַל און אוועק אָן א זײַ געזונט, וווהין ער האָט געהאט צו גיין.

עליען איז איצט אָפט אויסגעקומען זײַן בא פרימאקן אין הויף. נאָר סײַ ער, סײַ סטיסיע האָבן אויסגעמיטן איבעריקע רייד אכוץ אמאָל א וואָרט, אן ענטפער צו דער ארבעט. איינמאָל נאָר האָט סטיסיע גאָרניט צו דער זאך פלוצים א זאָג געטאָן:

— האָסט ניט געשריבן, ווער האָט געקאָנט וויסן.

— יאָ, פארשטייט זיך.

— פון אנדערע פלעגט מען אמאָל עפעס הערן, פון דיר גאָרניט.

— מיסטאָמע פארפאלן געוואָרן די בריוו.

— און פאראיאָרן איז מײַן טאטע געשטאָרבן...

עליע האָט פארשטאנען, וואָס זי וויל זאָגן. דאָס הארץ האָט אים פארזאָטן מיט ראכמאָנעס, מיט ווייטעק, מיט קאס, מיט פארלאנג א וואָרפ טאָן איר עטלעכע ווערטער, ווי שלאנגען, זי זאָל אונטערשפרינגען. נאָר ער האָט אָפגעשוויגן. ער איז נאָר אפגיך אוועק פון דעם אָרט, זי זאָל אים ניט שטיין פאר די אויגן.

איינמאָל פארנאכט האָט לייקע פון דאָרפראט געבראכט א נײַס:

אין קאָלאָניע איז ארויפגעקומען אן אָטריאד נעמען ברויט.

אין רעדלעך אפ דער גאס האָט זיך שוין גערודערט. מע האָט גערעדט:

— גיב און גיב, און פונוואנען זאָלן מיר נעמען?

— און ביכלאל...

יאנקעוו מאָזנאַים איז ארײַנ מיט א וואָרט, ער האָט ליב געהאַט, מע זאָל אים הערנ אופמערקזאם, ניט איבערשלאָגנ. ער האָט אויסגעוואַרט, ביז ס'איז שטיל געוואָרן, ערשט נאָכדעם אָנגעהויבנ:

— אונ ביכלאל קאָנ מענ ניט גלײַכנ יידנ צו אנדערע, דאָס אײגענע יידישע פויערים צו אוקראַינישע אָדער רוסישע פויערים.

— אווארע — האָט עמעצער באַשטעטיקט — איכ אלײנ, אשטײגער, איכ קויפ ברויט.

— אָט זעט איר. אונ ניט נאָר דאָס. ביכלאל, די היסטאָריע לערנט אונדז, אז יידנ דארפנ זיכ האלטנ אינײנעם.

דעם זעלבנ פארנאכט זײַנענ צו איסער זשוקנ אינ הויפ זיכ צונויפגעקומענ די עלטערע מאנצבילנ פונ דער מישפּאָכע, געקומענ אײנציקווײַז, ניט גערופנ, ווי געווײנלעכ, אז ס'פלעג זיכ מאכנ עפּעס וויכטיקס אינ דאָרפ — א האַלבער צענדליק מאנצבילנ, אזעסדיקע, מיט כמורנע בליקנ, ווי די באַיאָרטע וועלפ. אינ ענגנ מישפּאָכע־קרײַז, אָנ זײַטיקע, האָט מענ זיכ געטײלט מיט דער נײַעס.

— זײ זײַנענ שוינ דאָ.

— טאקע פאר זײ אָנגעגרײט.

— כע־כע־כע, צו אנ אכטעלע פונט ברויט אפ אפטײקערסקער וואָג.

דער קאָפּ פונ דער מישפּאָכע, דער גרויער איסער זשוק, האָט זיכ אָפּגערופנ, אונ אלע זײַנענ אנטשוויגנ געוואָרנ.

— וואָס איז די פּולע פונ די רײד — האָט ער געזאָגט — אָט וועלנ זײ דיכ נעמענ פארנ גאָרגל, אונ דו וועסט מוזנ געבנ.

— נו, קײנ ברײרע ניט.

— פארשטײט זיכ, קײנ ברײרע ניט. וועסט זיכ ניט שטעלנ שלאָגנ מיט לײדיקע הענט, נאָר אמײַ אינ די אוקראַינישע דערפער, אינ וואסיליעווקע, אשטײגער, איז אָנגעקומענ אנ אָטריאַד, האָט מענ זײ אײַנגעלײגט שלאָפנ אינ די קלוניעס, אונ די הענער האָבנ נאָכ ניט געקרײט, האָט מענ זײ אלע פארטיק געמאכט, קײנ אײנער האָט זיכ ניט געראטעוועט.

— וואָס גלײַכסטו. יענע האָבנ אָברעזנ, פּולעמיאָטנ.

— אונ אז איר האָט ניט, איז שווײַגט.

אינאָוונט באַם קוליש האָט וועגנ דער זעלבער געשעעניש געשמועסט די מישפּאָכע יאָרש. מײער האָט ארויסגעזאָגט א געדאנק, אז ס'וואָלט ניט געשאַט, מע זאָל פונ דעם, וואָס מ'וועט צונויפנעמענ, אויסטײלנ כאָטש ניט קײנ סאכ פאר די נויטבאדערפטיקע אינ דער קאָלאָניע אלײנ. לײקע האָט אים איבערגעשלאָגנ:

— דאָס קאָנ ניט זײַנ, מע דארפ עס פאר דער ארמײ.

בא דער געלעגנהײַט האָט כײַע־ריווקע זיכ דערמאָנט וועגנ מוישקענ:

— ווו איז ער איצט, ווו וואלגערט ער זיכ, נעבעכ, צי לעבט ער נאָכ?

מײער איז געווענ שלעפעריק, ער האָט ניט געוואָלט צולאָזנ צום הארצנ קײנ איבעריקנ אומרו.

— וואָס ווילסטו, מיט א פּאָר כאַדאָשים צוריק, באלד נאָכנ אוועקפאָר, איז דאָכ פונ אים געווענ א בריוו. בא איצטיקער פּאָטשט.

— אווארע. בא אונדז איז צווײ כאַדאָשים א קלײניקײַט. מיר לײגנ זיכ שלאָפנ

איז, גאָט צו דאנקען, שטיל, און מיר שטייען אום איז שטיל. אָבער ער שטייט דאָך אין פײַער. ווו ער גייט, טרייסלט זיך די ערד...

דעם זעלבן טאָג האָבן אלע אינמיטן דער דאָרפישער גאס געזען א רויטארמייער שפאצירן מיט א כאָפּטע מיידלעך. ער האָט גערעדט, און די מיידלעך האָבן אים גע־קוקט אין מויל, אין די אויגן. זיי האָבן געוואָלט וויסן, ווי הייסט ער.

— רופט מיך יאַשקע.

א דינער, א מיטלוווּקסיקער, מיט א קוטשעראווע טשופּריקל פון אונטערן עטוואָס אראָפּגערוקטן דאשעק, מיט א פּריילעך נעזל, האָט ער אויסגעזען מאָדנע פרײַ און גרינג.

מיט לייען האָט זיך יאַשקע באקענט אין דאָרפראט באלד, ווי ער איז געקומען.

— וואָס טוט איר דאָ?—האָט ער געפרעגט.

— איך בין אן אופראמערן.

— עפּעס רעכטע יאטן און יאטעכעס זײַנען בא אײַך אין קאָלאָניע פאראן?

— געוועזן עטלעכע, זײַנען זיי אוועק אפן פראָנט,—האָט לייקע געענטפערט.

— און איר אליין?

— איך פארשטיי ווייניק.

— שטעלט מיר פראגן. איך קאָן אײַך אפ אלץ ענטפערן.

— איך ווייס ניט וואָס פארא פראגן.

— צום בײַשפּיל. וואָס איז דאָס אזוינס רעליגיע? אָפּיום פארן פאָלק. וואָס איז דאָס אימפּעריאַליסטן, ווייסט איר?

— ניין.

— עקספּלואטאטערס.

— און וואָס איז דאָס, וואָס איר זאָגט—עקספּלואטאטערס?

— די, וואָס עקספּלואטירן. קלאָר. אימפּעריאַליסטן, בורזשויען, ספּעקוליאנטן, עקספּלואטאטערס, קאפּיטאליסטן, קולאקעס—ס׳איז אלץ איין סאָרט. אין דער ערד זיי מיט די ביינער!.. פארנאכט גייט איר שפּאצירן?

— איך בין פארנומען.

— איר האָט א כאָסן?

— ניין.

— קיינער האָט אײַך ניט ליב?

— קיינער ניט.

— און איך האָב ליב מיידלעך, אז דער רוען נעמט מיך אוועק.

— איך בין ניט קיין שיינע. ווער דארף מיך.

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אז איר זײַט ניט קיין שיינע?

— איך ווייס אליין.

— לאכט זיך אויס. ניטאָ קיין מיִעסע מיידלעך.

אזוי איז פאָרגעקומען זייער ערשטער שמועס פארן גאנעק פון דאָרפראט. שפּעטער האָט לייקע געזען דורכן פענצטער, ווי ער שפּאצירט מיט אנדערע, און דאָס הארץ האָט איר געברענט. אין א פרײַער שעה איז זי ארויסגעלאָפן אין גאס, עפּשער, וועט זי אים באגעגענען.

פארנאכט, אָפּגעפּארטיקט מיט זײַן ארבעט, האָט עליע א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום גאנעק, וווּ דער באלעבאָס איז געשטאנען: „א גוטן־טאָג!“ און געוואָלט גיין אהיים, נאָר מוישע־ארן האָט אים פארהאלטן:

— וואָס האָסטו קיין צײַט ניט, שטיי אביסל.

עליע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— פאר די פערד שוין פארמישט — האָט ער געזאָגט — איר האָט נאָך עפּעס געדארפט?

— געדארפט... כ׳מיין, מ׳וועט דיך, מיסטאָמע, פרעגן, וואָס וועסטו זאָגן.

— כ׳פארשטיי ניט, וועמען זאָגן?

— ביסט דאָך הײַנט א יאכסן, פון דער אָרעמשאפט. וועט מען דיך, מיסטאָמע, פרעגן וועגן די באלעבאטים, וועגן מיר. מ׳איז דאָך שוין געקומען אופמאכן פאר די ארבעטער.

— ווער וועט מיך פרעגן. וואָס ווייס איך.

— דו ביסט אן ערלעכער באָכער, איך זע, דו וועסט זיך מיט קיין העצעס ניט פארנעמען. און מיר זײַנען דאָך עפּעס אלטע גוטע פרײַנט, פון אמאָל. דאָס רעדל דרייט זיך. ס׳וועט זיך מאכן א געלעגנהײַט, וועל איך דיר אָפּדאנקען.

אפמאָרגן האָט עליע דערזען פונווײַטן אין גאס א מענטשן אין מיליטערישן אָנטאָן. יענער איז געגאנגען ניט אנטקעגן, נאָר פאָרויס. עליע האָט אים א רעגע אָנגעקוקט פארווונדערט, דערנאָך זיך א נעם געטאָן נאָכיאָגן אים זייער גיך, א שטיקל אפילע אונטערגעלאָפן, מאמעש ווי א יינגל, מיט א ברען, וואָס איז געווײנלעך ניט געווען צו מערקן אין אָט דעם שטענדיק שטילן, מייסטנס צוגעשלאָגענעם באָכער. אָנגעיאָגט, האָט ער זיך פארהאלטן, אָפּגערוקט אפ א האלבן טריט, ווײַזט אויס, ניט זיכער, צי יענער וועט אים דערקענען און טיילן זײַן פרייד.

— פאוועל? דובאָק...

— דאכט זיך, יאָרש, ווי קומסטו אהער?

— איך בין דאָ אינדערהיים.

— גוט, וואָס כ׳האָב דיך באגעגנט. איצט בין איך פארנומען. מאָרגן אינאָוונט קום ארײַן צו מיר. איך דארף דיך האָבן.

דובאָק האָט אָנגערופן די שטוב, ווו ער שטייט אײַן, און איז אוועק. און עליע איז לאנג נאָכדעם אומגעגאנגען אן אופגערעגטער, ווי פון אן אומגעריכט גוטער בסורע. בא דער ארבעט האָט ער אונטערגעברומט א פריילעך ניגנדל. דאָס פלעגן טרעפן מיט אים זייער זעלטן.

אָוונט־צו איז עליע ארײַן וועגן עפּעס צו פרימאקן. אין פירהויז, בא דער שײַן פון דער אָפענער טיר, האָט סטיסיע איבערגעזײַט די ערשט־אויסגעמאָלקענע מילך פון עמער אין א לאדיש ארײַן.

— מוישע־ארן איז אין שטוב? — האָט עליע געפרעגט.

— ער איז ערגעץ אוועק. זיץ אביסל.

— כ׳וועל מאָרגן ארײַנגיין.

— וואָס אנטלויפסטו?

— איך אנטלויף ניט, נאָר אזוי. מע דארף גיין.

— טרינק א גלאָז מילכ.

— ס'ווילט זיכ נית.

— נא, טרינק, פרישינקע, נאָכ וואַרעם.

— כ'וויל נית.

— ביסט אינ קאַעס אָפ מיר. איכ ווייס.

— אינ קאַעס. ניינ. פאַרוואָס?

— דו טראַכסט וועגנ מיר נית גוט.

עליע האָט געשוויגנ.

— קאָנסט מיר אינ פּאָנעם נית קוקנ. מיינסט, איכ באַמערק נית. וואָס האָב איכ געקאָנט טאָנ איינע אליינ? דו ביסט נית געווענ. קיינער איז נית געווענ. דער טאַטע איז געשטאָרבנ, די מאַמע האָט געשוואָלענע פיס. איצט, אז ער זעט נית, טראָג איכ איר אמאָל עפּעס אַוועק.

מוישע־ארנ איז אָנגעקומענ.

— מיט וועמענ פאַרברענגסטו עס אינ דער פינצטער? א, עליע, ביסט שוינ לאַנג דאָ?

סטיסיע האָט געענטפערט:

— אָקאָרשט אַרײַנ, ער דאַרפ עפּעס צו דיר.

עליע איז געגאַנגענ אַהיימ. לעבנ דער שטוב, אינ געדיכטנ טונקל אונטער דער אַקאַציע, האָט ער דערקענט לייקענ. זי איז דאָרט מיט עמעצנ געשטאַנענ — מיט א רויטאַרמייער, זײַנ פּאָנעם האָט מענ נית געזענ.

— גייסט באַלד אַרײַנ? — האָט עליע א פרעג געטאָנ בא דער שוועסטער.

— באַלד, באַלד.

נאָר זי איז געקומענ נית גיכ. יאָשקע האָט געהאַלטנ אירע הענט. זי האָט זיי נית אָפּגענומענ, געפיבערט, געבעטנ זיכ בא אימ:

— צו וואָס דאַרפט איר מיכ? וואָס ווילט איר פונ מיר? איר האָט אַזויפיל אַנ־דערע, שענערע אונ קליגערע.

אונ ער האָט זי אײַנגערעדט:

— איכ לאַכ זיכ אויס פונ שענערע. א גרויסע מעציִע בא מיר. דו ווייסט גאָר־נית, ס'אַרא טײַערע דו ביסט, ס'אַרא כיִעס. אוי, איז מיר גוט מיט דיר, אוי, גוט!

— איר וועט אַוועקפאָרנ, וועט איר אפילע מײַנ נאָמענ פאַרגעסנ.

— וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ: מירנ בויענ א שטוב, מירנ קויפנ א ציג, אַז ס'איז אַזאַ מינ וויכער אָפ דער וועלט. אַוודע וועל איכ אַוועקפאָרנ. מיר זײַנע נית פונ די, וואָס זיצנ אָפ איינ אָרט. נאָר פאַרגעסנ... ניינ, יאָשקע פאַרגעסט נית יענע, וואָס ער האָט ווענ נית איז ליב געהאַט.

עליע איז געווענ בא דובאָקנ, ווי ער האָט אָפּגערעדט.

— מאָלאָדעצ, וואָס דו ביסט געקומענ, — האָט ער אימ באַגעגנט באַמ אַרײַנגאַנג אונ אַרופגעלייגט א האַנט אָפ זײַנ אַקסל — ווי לאַנג האָבנ מיר זיכ נית געזענ?

— העכער פיר יאָר.

— א שטיקל צײַט... זיצ. ביסט, דאַכט זיכ, געווענ פאַרווּנדעט?

— חיגטער מלאווע. דערנאָכ בא די דײַטשנ.

— הייסט עס, גאָרניט לאַנג זיך אומגעקערט. און וואָס טראַכסטו עפּעס וועגן אונדזער רעוואָליוציע?

די פראגע איז פאר עליען געווען אומגעריכט. ער האָט געשוויגן.

— אינטערעסירסט זיך ניט?

— ניין, פאַרוואָס, נאָר איך מיין, מיסטאָמע טראַכטן גרעסערע קעפּ פון מיר.

— פאַרשטייט זיך, פאַראַן קעפּ. נאָר אויך מיר האָבן וואָס צו זאָגן. מיר מיט דיר, ברודער, זיינען דורכגעגאַנגען האַרבע קלאַסן... געדענקסט וואַניען?

— ווי קאָן מען עס פאַרגעסן.

— און דעם פעלדפעבעל?.. מיר האָבן געהאַט ערנסטע לערער. זיי האָבן אונדז אויסגעלערנט—אַפּ זייערע קעפּ.

— איך האָב געוואָלט פרעגן. איר זייט א באָלשעוויק, דער קאָמיסאַר פונעם אָטריאַד?

— יאָ, ברודער, א באָלשעוויק. נאָר אָט וואָס. מיר זיינען ביידע אָקאָפּניקעס, פאַרוואָס זאָלסטו מיר ניט זאָגן „דו“?

— ס'באַקומט זיך עפּעס ניט.

— א שאָד. איז וואָס זשע טראַכסטו וועגן די באָלשעוויקעס?

— קלאָר, מע האָט אָנגעהויבן א גרויסע זאַך, נאָר...

— וואָס נאָר?

— מע זעט ניט דעם סאָף.

— צו גיך ווילסטו דעם סאָף. מע דאַרף צוהאָרעווען. ס'מוז קאָסטן בלוט.

— ס'האָט שוין גענוג געקאָסט.

— ס'איז ניט אין אונדז געווענדט. אַלעמאָל קריכן נייע סאָנים.

— דאָס איז עמעס. נאָר אָט איך, אַשטייגער—פון דרייצנטן יאָר אָן א סאָלדאַט. נאָכדעם בא די דייטשן, וויפל איז דער שיר?

— כ'פאַרשטיי... פונדעסטוועגן דאַרף איך דיך. מיר נעמען דאָ ברויט. האָסט, מיסטאָמע, געהערט. ווילסט אונדז העלפן? ביסט א היגער, קאָנסט אייצען ווו, בא וועמען, מיר זאָלן ניט מאַכן קיין פעלערן.

— כ'ווייס, וואָס זאָל איך זאָגן... ברויט איז דאָ בא די רייכערע, פאַרשטייט זיך. די נעמען זיינען באַקאַנט אין דאָרף.

— דיין טאַטע איז דען א קורקול?

— ניין.

— קלאָר, אַז ניין. וואָס זשע האַלסטו זיך אַזוי אָפּגעפרעמדט?

— גאָרניט אָפּגעפרעמדט. נאָר אַזוי. איך בין ניט לאַנג הי. איך ווייס ניט גאָרניט.

— ווי דו ווילסט זיך.

דובאָק האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעכמורעט, צוגערוקט צו זיך עפּעס א פּאַפּקע און גענומען אַריינקוקן אהין. עליע איז געזעסן א דערשלאָגענער. ער האָט מיט אַזא דערוואַרעמט האַרץ געוואַרט אַפּ דער באַגעגעניש דעם גאַנצן מעסלעס, און אויסגע־לאָזט האָט זיך עס גאָרניט פריילעך. ער האָט זיך געפילט שולדיק אין עפּעס, כאָטש

וויאזוי האָט ער געקאָנט אנדערש ענטפערנ, ס'איז דאָכ פאָרט בא זיכ אינ דאָרפ, שכיינים, באקאנטע, גיינ אויסדערציילנ אפ איטלעכנ—פריקרע, ניט שיינ...

— א גוטנ, כאווער דובאָק!—האָט ער זיכ אופגעהויבנ צום געזעגענענ זיכ. דובאָק האָט אים קאלטלעכ צוגעשאָקלט מיטנ קאָפ, ניט פארהאלטנ.

— א גוטנ.

שוינ בא דער טיר, מיט דער קליאמקע אינ דער האנט, האָט זיכ עליע באַ־קלערט אונ זיכ אומגעקערט צום טיש.

— כאווער דובאָק...

— יאָ?

— עפשער דארפ מענ עפעס איבערטראָגנ—זעקלעכ טווגע אָדער אָפהיטנ באנאכט, צי נאָכ אזוינע זאכנ, קאָנ איכ עס טאָנ.

— ביסט אָנ ארבעט?

— ניינ, איכ זוכ ניט קיינ ארבעט. כ'מיינ, עפשער, דארפ מענ עפעס א הילפ, קאָנ איכ עס טאָנ. אזוי. אָנ געלט.

דובאָק האָט אים אָנגעקוקט מיט א שמייכל.

— ניינ—האָט ער געזאָגט—מע דארפ ניט.

אז יאָרש איז ארויס פונ קאָמיסאר, האָט ער אינדרויסנ פאר דער פאָרטקע געטראָפנ שטיינ עטלעכע ייִדנ אינײנעם מיטנ באלעבאָס פונ דער שטוב. זיי האָבנ, אפאָנעם, דאָ אומיסטנ געווארט אפ זײַנ ארויסגיינ.

—וואָסטו געטאָנ בא אים? וואָס'ט ער דיכ גערארפט?—האָבנ זיי עליענ ארומגע־רינגלט, ווי שאָטנס, באלד, ווי ער האָט זיכ געוויזנ.

— מיר זײַנענ באקאנט נאָכ פונ דער דינסט, פונ דער מילכאָמע. געווענ אינ איינ ראָטע.

— הייסט עס, אלטע באקאנטע—זײַנענ די שאָטנס אינ דער פינצטער נאָכ היי־סער צוגעשטאנענ צו עליענ—וואָס זשע שווײַגסטו? קאָנסטו דאָכ טאקע א טויווע טאָנ.

— וואָס פאר א טויווע?

— מאכ זיכ ניט טאמעוואטע, עפשער דארפ עס עפעס קאָסטנ. אויב ניט קיינ סאכ, וועט מענ זיכ אנ אייצע געבנ. מע זאָגט, ער איז אנ אכוער, אָנ א הארצ, נאָר עפשער קאָנסטו בא אים פויעלנ.

— איכ קאָנ גאָרניט פויעלנ. איכ וויל זיכ ניט מישנ.

— וואָס הייסט, דו ווילסט זיכ ניט מישנ. ביסט א ייִד, צי ניינ? ער וועט דאָכ פונ אונדז מאכנ א טעל.

— נישקאָשע, איר וועט אויסהאלטנ — האָט עליע הארט א זאָג געטאָנ אונ איז ארויס פונעם רעדל.

אָט די הארטקײַט איז בא אים געווענ ניט געוויינלעכ אונ פלוצימדיק. נאָכנ דורכפאל בא דובאָקנ האָט זי אים געקרעפטיקט, ווי א שארפ ביסל בראָנפנ.

היליע פרימאק איז דורכגעגאנגענ אונ פארקערעוועט צום גאנעק, ווו דער קאָ־מיסאר. עליע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפ אונ אים א ווײַל נאָכגעקוקט. פארנ ארײַנ־גאנג אינ טיר האָט דער מיליציאָנער זיכ אָפגעשטעלט ריידנ מיט איינעם פונ די ייִדנ, וואָס האָט זיכ צוליב דעם אָפגעטיילט פונ דער גרופע.

— אָט א הינטישע פעל — האָט עליע ארויסגעשעפטשעט צו זיך אליין און איז אוועק זײַן וועג.

דעם זעלבן אָוונט, אביסל שפּעטער, האָט זיך בא פרימאקן צונויפגענומען א קליינע מישפּאָכעדיקע בארעטונג. ס'איז בײַגעווען דער זון, דער מיליציאָנער, ס'איז געקומען די טאָכטער מיט איר מאן. סטיסיע האָט דערלאנגט צום טיש טיי מיט ווײַנשל־אײַנגעמאכץ, ארופגעשטעלט א קריגל טילך, טאָמער וויל עמעצער. בא אן אומגעראָסענער באוועגונג האָט זי א קאפּ געטאָן ראָזקען אפן קלייד.

— ווען וועסטו שוין ווערן אביסל מער קולטור.נע!—איז יענע אופגעשפּרונגען מיט קאעס־פלעקן אפן פּאָנעם.

מ'האָט געשמועסט וועגן דעם, אפ וואָס מע דארף זיך ריכטן און וואָס מע קאָן טאָן. צווישן דעם אלטן מיטן איידעם איז ארויסגעקומען א שטיקל מיינונג־פארשיידנ־הײַט. מוישע־ארן האָט ארויסגעזאָגט א־געראנק:

— זיי דארפן ברויט. זאָלן זיי זוכן בא די זשוקעס. נישקאָשע, יענע האָבן גענוג, דער שווארציאָר וועט זיי ניט כאפּן.

הילִיע האָט דערציילט:

— איך בין דאָרטן געווען מיט א פּאקעט.

— בא דעם קאָמיסאר?

— בא אים. האָב איך ארײַנגעוואָרפן עטליכע ווערטער וועגן זיי, וועגן די זשוקעס, ווי דו האָסט מיר געזאָגט. איך האָב עס געמאכט קלוג. מעגסט זיך אפ מיר פארלאָזן.

דאָ איז ארײַן מיט א וואָרט יאנקעוו מאָזנאַים. אין זײַנע אויגן, אין זײַנע טיפּ־שווארצע, אזויווי אָנגעפּארבטע וואָנצעס, איז, ווי שטענדיק, אז ער האָט זיך גע־קליבן עפּעס זאָגן, געלעגן אן אויסדריק פון קימאַט מאָרעשכוירעדיקן ערנסט.

— נעמט ניט פאר אומגוט, שווער—האָט ער געזאָגט — נאָר מיר געפעלט ניט דער באנגב אײַערער. ס'איז ניט אזא צײַט, מע זאָל זיך קאָנען פארגינען מאכלויקעס. די זשוקעס, וואָס פארא כעזשבוינעס איר זאָלט מיט זיי ניט האָבן, זײַנען יידן, און פאר יידן איז אין אלע נויטן געווען איין וועג—אכדעס.

— וואָס זשע זאָל מען טאָן?

— מע קאָן, עפּשער, געפינען גוזעלשאפטלעכע מיטלען.

— ארויסגיין אין גאס און שרײַען „דאלוי!“?

— מע קאָן, לאָמיר זאָגן, שיקן א מין דעלעגאציע.

— וועסט קושן א בער אונטערן פארטעך אינײנעם מיט דײַן דעלעגאציע—איז ראָזקע ארויסגעשפּרונגען — איך פארשטיי, ווען מ'האָט צו טאָן מיט קולטורנע מענטשן. אז איידער דו האָסט זיך אויסגעקליבן זאָגן אפ זיי א וואָרט, האָבן זיי שוין מיסטאָמע אָנגערעדט אפ דיר א קוואָרט.

נאָר יאנקעוו מאָזנאַים האָט זיך פעסט געהאלטן בא זײַנס.

— אָט דאָס מיין איך דאָך. יידן וועלן זיך קריגן, און אויסשפּילן וועט דערפון דער טײַוול. מער ווי ווען ניט איז אין דער היסטאָריע מוזן מיר פארשטארקן אין זיך די נאציאָנאלע געפילן, אויסמײַדן רײַסערײַ.

— ווער זוכט ריַיסערייַ — האָט זיך ראָזקע ניט געקאָנט שטילן — עפשער, איך מיטן טאטן?

— הער אוף, — האָט זיך מוישע-ארן אריַינגעלייגט אין א שאָלעם. — דאָס, וואָס ער זאָגט מיקויעך נאציָאָנאַלנע, איז ער דאפקע גערעכט. נאָר דו פארשטייסט, יאנקעוו, מע מוז דאָך זיך עפעס אָנ אייצע געבן בא היַינטיקן טאָג, דער וואָלף זאָל זיַין זאט און דאָס ציגעלע, ווי זאָגט מען עס, זאָל בלייַבן גאנץ. איַי, וואָס וועט זיַין מאָרגן, וועגן דעם זאָל גאָט זאָרגן. אז ער וועט וועלן, קאָן די גאנצע מייַסע זיך איבערדרייען נאָכאמאָל צוריק.

סטיסיע האָט זיך אין שמועס ניט אריַינגעמישט. זי האָט באדינט די געסט, זיך געפאָרעט ארום שטוב, געטאָן אלצדינג שווייַגנדיק, געטראָטן שטיל. היליע האָט געלופעט אפ איר די אויגן, געשמוכט, קעסיידער זיך צוגעלייגט אין טעצעלע אריַין פונעם איַינגעמאכץ, זיך באלעקט, געטרונקען אסאך טיי און אָפט געווישט דעם שווייס פון פליך.

ער איז נאָך אלץ געווען א באָכער און האָט געוווינט באם טאטן.

נאָך סאָרע-איידלס טויט האָט דער אלטער לעכאטכילע גענומען סטיסיען אין שטוב אריַין פאר א דינסט. היליע האָט, ווי זיַין שטייגער, אין שטילע ווינקעלעך זיך געטשעפעט צו איר, כאָטש זי האָט אים ניט געוואָלט הערן און גראָב געשטויסן פון זיך. די כאסענע האָט מוישע־ארן צוגעגרייט בעסאָד, אליין גערעדט מיט סטיסיען עטלעכע מאָל, געזאָגט, אז ער קען זי פאר אן ערלעך קינד, געגעבן צו פארשטיין, אז די יאָרן גייען, וויפל איז זי אלט? פיר און צוואנציק. איידער מע זעט זיך ארום, האלט מען בא די דרייַסיק, און א מיידל איז ניט קיין באָכער. איצט איז זי א גאָרניט, א יעסוימע, א בעטלערקע, קאָן מען זאָגן, נאָר ווען זי פאלט אריַין צו אים, ווערט זי א באלעבאָסטע פון א פארמעגן, וואָס איז שוין טאקע ניט דאָס, וואָס געווען, נאָר עפעס איז נאָך, מיסטאָמע, אין פארשיידענע שפארונעס געבליבן פארוואלגערט פון אמאָל...

די געשעעניש איז געקומען פאר אלעמען אומגעריכט.

— ער פארמאָגט נאָך פולווער, — האָט מען גערעדט וועגן דעם אלטן.

— דאָס עמעסע שטיקל סכוירע — האָט מען גערעדט וועגן דעם מיידל.

ראָזקע האָט שטענדיק געהאלטן שטאָל און איַיזן פונעם טאטן, זיכער, אז אלץ, וואָס ער טוט, איז קלוג און גוט באַרעכנט. אביסל איז זי פונאָנהויב פונדעסטוועגן געווען אומרויִק — ער איז שוין פאָרט אין די יאָרן, סטיסיע זאָל אים ניט אריַינעמען אין דער לאפע. עמעס, ער איז נאָך גאנץ פעסט בא זיך, קיין האָר ניט געענדערט אין זיַין גאנג און מאניר.

היליע איז געווען געפלעפט פון דער געשיכטע, ווי פון א קונציקן פאָרטל, דעם קונציקסטן פון די אלע פאָרטלען, וואָס דער טאטע האָט אָפגעטאָן, זינט ער געדענקט. ער האָט זיך אפ א צייַט אפילע דערשראָקן און צוגענומען די הענט פון סטיסיען, נאָר פונדעסטוועגן געלופעט אן איר די אויגן.

ברויט האָט דובאָק גענומען בא די זשוקעס און בא פרימאקן און ווו ס'האָט זיך געלאָזט.

מוישע-ארענען האָט מען, אפאָנעם, דערציילט, אז עליע האָט עפעס צו טאָן

מיטנ קאָמיסאר. דער אלטער האָט געקוקט אפנ באָכער מיט פארדאכט, איז געווענ געהיט פאר אים אינ די רייד. מער ניט סטיסיע האָט, ווענ קיינ זײַטיקע זײַנענ דערבײַ ניט געווענ, צוטרוילעכ א זאָג געטאָנ צו עליענ, ווי באקלאָגנדיק זיכ:

— מע האָט אונדז זייער שטארק באנומענ.

עליע האָט גאָרניט געענטפערט. דער „אונדז" איז אים ארײַנ אינ הארצנ, ווי א נאָדל.

אינ איינעמ פונ יענע טעג האָט עליע, ארײַנקומענדיק פונ גאס, געטראָפנ אינ־דערהיימ זיצנ באמ טיש, ווי כאָשעווע געסט, צוויי פויערימ פונ זייער דאָרפ.

— זיי ווארטנ אפ דיר — האָט כײַע-ריווקע באגעגנט דעמ זונ, אונ ער האָט זיכ פארכידעשט, וואָס קאָנענ דארפנ האָבנ באיאָרטע ייִדנ באלעבאטימ צו אימ, עליע יאָרשנ.

דעמ שמועס האָבנ געפירט דער עלטערער פונ די געסט, א פויער מיט א גרויער באָרד, וואָס אינ איר זײַנענ נאָכ שיטערלעכ צעוואָרפנ געווענ שווארצע האָר. ער האָט אָנגעהויבנ פונ דער ווײַטנ: ווי לאנג מ'האָט זיכ ניט געזענ, אונ אז די צײַט גייט, ערשט איינעכטנ, דאכט זיכ, איז עליע געווענ א קלייניקער, אזוי אָ די גרויס, טאקע, ווי זאָגט מענ עס, ווי א קאָצ זיצנדיק, אונ איצט, זע נאָר, א פאָלנער מענטש, אונ דאָס טײַערסטע, טײַערער פונ גאָלד אונ זילבער, א מענטש מיט א גוטנ נאָמענ. כאָטש הײַנט האַלט מענ ניט דערפונ, מע מיינט, אז דער איקער איז גוואלדעווענ, כאפנ, רײַסנ פונ די הענט, נאָר ס'מאכט ניט אויס, די וועלט וועט זיכ נאָכ אומקערנ דערצו.

— מע זאָגט, דו ביסט באקאנט מיטנ קאָמיסאר? — איז דער פויער אריבער צו דער זאכ. — אונ טאקע גאָר נאָענט באקאנט, נאָכ פונ אמאָל?

עליע האָט זיכ שוינ אָנגעשטויסנ, וואָס די לאנגע רייד זײַנענ אויסנ. קאָסדיק האָט ער א זאָג געטאָנ:

— איז וואָס זשע ווילט איר?

— ער מאכט אונדז אומגליקלעכ, ער נעמט אָנ ראכמאָנעס, — איז דער צווייטער פויער פלוצימ ארויסגעשפרונגענ מיט היצ. — מיר ווילנ, דו זאָלסט מיט אימ ריידנ.

— ער איז ניט פונ די, וואָס מע קאָנ זיי איבעריידנ.

— נארישקײַטנ — האָט דער ערשטער ווידער גענומענ דאָס וואָרט, — אזוינע מענטשנ זײַנענ גאָר אפ דער וועלט ניטאָ. צו יעדער מאקע איז דאָ א פלאסטער. זאָג אימ, אז מיר זײַנענ אָרעמע פויערימ.

אנ אײַנגעהאלטענער שמייכל האָט זיכ באוויזנ ארומ עליעס מויל.

— אלע זײַנענ מיטאמאָל געוואָרנ אָרעמע פויערימ — האָט ער געזאָגט.

— וואָס מיינסטו, אזוי איז עס טאקע, קוימ וואָס מיר לעבנ זיכ דורכ אליינ, מעגסט עס אימ זאָגנ. פאָשעט מיר האָבנ ניט.

דאָ איז עפּעס געשעענ.

לייקע, די שטילע טויב, ווי שכיינעטעס האָבנ זי גערופנ, וואָס איז געשטאנענ אונ געשוויגנ די גאנצע צײַט פונ שמועס, ווי אלע איבעריקע פונ דער מישפאָכע, איז פלוצימ ארויסגעשפרונגענ מיט א פײַער ניט צו פארשטיינ, פונוואנענ ער האָט זיכ צו איר גענומענ.

— אזוי? איר האָט ניט? ווער דען, מיר האָבן... זיי דאַרטן אפן פראָנט, זשאַ־לעווען ניט פאר אונדז די קעפּ, און איר דינגט זיך וועגן צען פוד קאָרן.

— און ווער בעט זיי לייגן פאר אונדז די קעפּ?—האָט דער פויער ניט געלאָזט זיך אראָפּשלאָגן פונעם געלאסענעם טראָפּ.

— איר אהאדע ניט, בורזשויעס ווערעמדיקע! — האָט לייקע אויסגערופן אויסער זיך.

די געסט זײַנען אופגעשטאנען פון די ערטער. נאָך זיי האָבן זיך אופגעהויבן מייער און כײַע־ריווקע מיט אנטשולדיקונגען און באקאָשעס, זיי זאָלן בלײַבן זיצן, ניט מאכן קיין וועזן פון דער טאָכטערס מעשוגאַס, ווײַל זי איז ניט אנדערש פון זינען אראָפּ.

— מיר קענען די מעשוגאַס, זי האָט א נאָמען — האָט דער ערשטער פויער גע־זאָגט—נאָר לאָמיר עס אָפּלייגן אף אן אנדער מאָל. מיר זײַנען, אייגנטלעך, געקומען צו דיר, עליע, און מיר וועלן הערן, וואָס דו וועסט אונדז ענטפערן.

עליע האָט אָנגעהויבן אביסל צעטומלט:

— וואָס קאָן איך ענטפערן, איך וויים ניט, וואָס צו ענטפערן. ער איז דאָך ניט קיין ייִנגעלע, און ער איז געקומען אהער ניט פון זיך אליין. מיסטאָמע, טוט ער, וואָס ער דארף... ניין, איך וועל ניט גיין!—האָט ער פארענדיקט מיט אקשאָנעס.

— נו, איצט האָבן מיר געהערט. האָט קיין פאריבל ניט, מיר האָבן פארבלאָנ־דזשעט. א גוטן טאָג! איר האָט אויסגעהאָדעוועט, מייער און כײַע־ריווקע, לײַטישע קינדער, גאָט זאָל אײַך העלפן.

נאָכן אוועקגיין פון די געסט האָט מען זיך ערשט א נעם געטאָן צו לייקען, טאָטשען זי, וויִאזוי טרײַבט מען עס מענטשן פון שטוב.

— און איך פארשטיי גלאט ניט—האָט כײַע־ריווקע געזאָגט—וואָסטו זיך פלוצים אָפּגעריסן, ווי פון דער קייט, פונוואנען האָט זיך גענומען צו דיר אזא לאָשן?

דערוף האָט לייקע גאָרניט געענטפערט, נאָר אין אירע אויגן זײַנען נאָך לאנג געשטאנען מאָדנע ברייטע פײַערן, וואָס האָבן באומרויִקט מיט זייער גלאנץ און זייער אומגעריכטן קויעך.

(פאָרזעצונג קומט)

ז. טעלעסין

# א בריוו

נאָר וואָס כ׳האָב א בריוו באַקומען
פון מײַן קאַלינקאָוויטשער מומע.

" " "

אויפן לענגלעכן קאָנווערט,
ווו די מאַרקע איז אָנגעקלעפּט,
שטייט א קײַלעכדיקער שטאַמפּ:
„ווסער מאָזירער קאַנט״.

און ס׳האָט א שמעק געטאָן מיט כוואָיע,
און מיט טיפֿע ברונען־וואַסער,
און מיט פּרעלער, שוואַרצער ראָיעװד,
ווו, פאַרהילט אין שווערע טויען,
וואַקסט אין מאָך דער ברייטער יאַסען...

און דערפילט כ׳האָב אויפן גומען
די זויער־זיסע זשוראַווינע...
זומער. כ׳בין צום טײַך געקומען
אין א טײַערן באַגינען;
די קאַלאָשעס כ׳האָב פאַרקאַשערט
און די פּאַנעס זײַנען קילע;
געַנדזעלעך א סטאַדע כ׳פּאַשע
— הילִיא, גענדזעלעך, אַהיליא...

און די שוועסטערל אין סטאַניק
שײַערט אויפן ברעג דאָס קענדל...
די מאַמע שווענקט אין טײַך מײַן העמדל
און זי קלאַפּט עס מיטן פּראַניק...

אפ די הויכע, ברייטע טויערס
קלינגט דער האָפּן מיט די גלעקער.
אָטאָ זײַנען מײַנע פּעטערס,
די האנטשארעס און די בויער,
די געזונטע, ווי די מויערס.

כ'וועל דיך אייביק ניט פארגעסן,
דיך, מײַן טײַערע פּאָלעסיע...

און עס ליגט מיר אפן גומען
די געשמאקע זשוראווינע,
נאָר וואָס כ'האָב א בריוו באקומען
פון דער מומע כײַע־דינע.

„... בעפאָר ערדוארטעט וואָלטןביידע
אבוואָהל זאָגאר ערקוויקונג טראָגן"...
הארגע מיך, אויב איך פארשטיי דאָ,
וואָס זי האָט געוואָלט דאָ זאָגן.

נאכער גייען „פילע גרוסע"
און מיט „האבע קיינ פאריבל",—
אָט אזוי א האלבער בריוול
עפּעס אינ א מאָדנעם נוסעך.

מיט נעקודעס און אפּאָסטראָפּס,
פּאָשעט ס'איז פאר מיר א כידעש...
נאָכדעם גייט אוועק א פּראָסטער
א מעכײַעדיקער יידיש.

און איבעראנײַס א קאָן
הייבט זיך ערשט דאָס בריוול אָן.

וויפל הארצ אינ אָט די אויסיעס,
יעדער וואָרט אזוי באקאנט איז;
אינ די אויגנ ווערט אזש הייס מיר
פון דעם ניט געניטן האנטשריפט...

און שרײַבן ענדיקט זי מיט דעם—
מיט אלע נײַס, וואָס איז געשען:

ס׳איז צו זײ אראָפּגעפאָרן
א געהויבענער טעאַטער;
דער אינקובאטאָר קײן אײַנהאָרע
ט׳אויסגעפּירט א יאַם ציפּליאטעס;

ס׳האָבן אלע בארג־בײמער
אינעם שטעטל זיך צעפּוקעט;
ס׳האָט זיך אָפּגעקעלבט די בעהײמע,
און דאָס קעלבעלע שױן מוקעט.

און צום סאָף גײט צו די מומע,—
(װיפל פרײד אין דעם איז קאָנטיק)
— ס׳האָט זיך שױן געשטעלט דער זומער
אױך פון פּאראכטאָגן מאָנטיק.

און זי בעט מיר זײער, זײער
אז צו גאסט צו זײ כ׳װעל קומען...

ברענגען זאָל איך נאָר פון מינסק
א שפּאניש היטעלע א גרינס.

און אפן סאמע סאָף פון אונטן
צוגעשריבן האָט דער פעטער
מיט אויסיעס ברײטע און געזונטע,
װי שװערע בוראקאָװע בלעטער.

אז ס׳גײט שױן אױף בא זײ דער קאָרן,
און ניט זײַן זאָל איך קײן גוילעם,—
— א כאַזער נעכטן כ׳האָב געקוילעט;
קום לעמאַנאַשעם צופאָרן.

* * *

טײַערינקע פעטער, מומע!
פארשטײט זיך, אומבאדינגט כ׳װעל קומען
און ברענגען װעל איך אײַך פון מינסק
א שפּאניש היטעלע א גרינס.

**אורי פינקעל**

# געבוירן

(קאַפּיטלען פון בוך „שאָלעם־אַלייכעם“)

אָנהייב מאַרט פון יאָר טויזנט אַכט הונדערט ניַין און פופציק.

הימנס איז שוין דער הימל אויסגעלײַטערט, און אַצינד איז אַ בלויע, ליכטיקע נאַכט און אָנהייב פרילינג.

אַפ דער פּאָסט־סטאַנציע וואָראָנקאָווע איז שוין איינִיקע טעג פוסט. עס קומען נִיט קיין דורכפאָרנדיקע. די פערד אין סטאַדאָלע שטייען זאַט, אויסגערוט, צע־הירזשען זיך אָפּטמאָל, שמײַסן איבער זיך מיט די ווײדלען, גלײַך זיי פילן די פליגן פונעם גאָר נאָענטן זומער.

אין דעם צימער פאַר די געסט זיצן די אָנטרײַבער. שוין אַ פּאָר טעג נִיט געווען אין וועג. אָט דערציילן זיי מײַסעס איינער דעם אַנדערן, אָט דערציילן זיי גוזמעס אָן אַ שיר. אַ מײַסע, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן מיט יאָרן צוריק, וועגן אַ וווּנדערבאַרן פערד, וואָס האָט אין אַ צײַט פון אַ פאַרפלייצונג מיט איין שפּרונג איבערגעשפּרונגען דניעפּער דעם טײַך. אַ מײַסע וועגן מענטשן, וואָס זײַנען גע־פאָרן פון אַ ווײַטן לאַנד, האָבן זיך דערטרונקען, אַפ אײביק אַוועק פון דער וועלט, און מע ווייס נִיט, ווּ זייער געביינער איז אַהין.

שוין לאַנג, קימאַט אַ וואָך, אַז מע הערט נִיט קיין פרעמדן גלאָק.

יעדער איינער פון די אָנטרײַבער הערט זיך צו צו די פּאָרכטיקע און טשיקאַווע מײַסעס, שפּיצט אָן זײַנע אויערן, עפּשער הערט זיך אַ גלאָק; די טײַכן זײַנען דאָך שוין אַרײַן אין די ברעגעס.

אַפ רעכטס אינעם גאַסט־צימער, ווּ עס געפינט זיך די קאָנטאָר, איז די טיר פאַרמאַכט. דאָרט זיצט דער אַרענדאַר פון דער פּאָסט־סטאַנציע נאָכים ראַבינאָוויטש. אַ פלאַם פון אַ ביימל־לעמפּל באַלויכט דעם טיש. און ער, נאָכים ראַבינאָוויטש, קוקט אין אַן אָפענעם בוך. דאָס לייענט ער שוין דעם ווִיפלטן מאָל איינעם פון די צוויי ביכער, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון פּערעיאַסלאַוו.

דאָס זײַנען ייִצכאָק־בער לעווינזאָנס „טעאודאָ בעייִסראָעל“ און „עפעס דאָמים“ — אַ בוך וועגן בלוט־בילבולים.

נאָכים ראַבינאָוויטש קוקט אַרײַן אינעם בוך. אָפּטמאָל גיט ער זיך אַ שאָקל און עס באַוועגט זיך מיט אים אויך זײַן שאָטן אַפן וואַנט. מיט זײַן ווײַסער שטשופּלער האַנט גלעט ער איבער זײַן נאָך גאָר קורץ שוואַרץ בערדל.

מיטאמאָל צעזינגט ער זיך איבערן בוך מיט אַן אומעטיקן געקרייַזלטן ניגן און הייבט אָן צו מאַכן אַ סאַכאַקל אין דער הויך אָפּ ייִדיש דאָס, וואָס ער האָט געלייענט אָפּ העברעיִש.

— אָמאַר האַקוימער, דער אַרציבישעפֿ האָט געזאָגט: זיי טוען נאָך לעכצן נאָך אונדזער בלוט, ווײַל זיי, די ייִדן, דאַרפֿן זיך ריין וואַשן מיט אים, אַנדערש קענען זיי ניט קומען אָפּ דער עמעסער וועלט.

ער ווערט אַנטשוויגן און זײַן בלייכער פּאָנעם ווערט נאָך בלייכער, זײַנע שוואַרצע אויגן קוקן ווידער אָנגעשטרענגט אין בוך. אַ לײַכטער גרויל טראָגט זיך דורך איבער זײַן לײַב און ער פֿאַרסאַכאַקלט ווידער אין דער הויך שוין מיט אַ פֿריילעכן ניגן.

— אָמאַר האַכאָכאָם—דער פֿילעסופֿ האָט אַזוי געזאָגט: דאָס זײַנען נאָר אויסטראַכטעניש פֿון דער קאַטוילישער קירך. די בילבולים זײַנען בלויז זאַבאַבאָנעס פֿון דעם גלויביקן פֿינצטערן פֿאָלק. די אופֿגעקלערטע פֿעלקער האָבן שוין לאַנג פֿאַרגעסן אָפּ די דאָזיקע זאַבאַבאָנעס.

שוין עטלעכע טעג, אַז נאָכים ראַבינאָוויטש: דריקט אַ שווערע שטימונג, ער קען זיך קיין אָרט ניט געפֿינען. אָט כאַפּט ער זיך צו איין בוך, צו דעם צווייטן. לייענט אים פֿון אָנהייב, בלעטערט איבער צענדליקער זײַטן און לייענט אים פֿון מיטן. כאַפּט זיך צום סאָף פֿונעם בוך און דערנאָך ווידער צום אָנהייב. אַ וואָך צײַט, אַז ער איז שוין אָפּגעריסן פֿון פּערעיאַסלאַוו.

אַזוי פֿרי געקומען האַיאָר דער פֿרילינג. די געהילצן, וואָס ליגן באַם ברעג פֿון דניעפּער פֿאַר צענדליקער מײַל פֿון דאַנען, ווער ווייס, וואָס טוט זיך מיט זיי? און אינדערהיים?.. וואָס הערט זיך אינדערהיים?

עס זיצט זיך ניט אײַן באַם בוך. ער פּרווט איבערציילן די קאַסע. שוין די קאַסע אויך ניט איינמאָל געציילט. עס פֿעלט גאָרנישט, עס קומט גאָרנישט צו...

ער וועט אַרויס אָפּן גאַנעק. עס האָט דאָך הײַנט אַ שײַן געטאָן די זון, עס האָט דאָך געמוזט אַ טריקן טאָן דער וועג. עפּשער האָט זיך וווּ ער געלאָזן אין וועג אַרײַן. עפּשער פֿאָרט עמעצער פֿון פּערעיאַסלאַוו. עפּשער ברענגט מען אים אַ גרוס פֿון דער היים. ער איז אַרויס אָפּן פֿעדאַשעק, האָט זיך געשטעלט מיטן פּאָנעם צום שליאַך. ס'איז געווען די לעצטע שטוב אין שטעטל—די פּאָסט־סטאַנציע. געקוקט אין דער ווײַטער בלויער נאַכטיקער שטילקײַט, אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אין איין זײַט, אין דעם צווייטן.

קעגניבער דעם גאַנעק איז ווי אַלעמאָל געשטאַנען דער וועג־סלופּ מיט די ווײַסע און שוואַרצע דיאַגאָנאַלן באַמאָלט. די לעוואָנע האָט באַלויכטן דאָס ברעטל, וואָס איז צוגעקלאַפּט אָפּ אים.

## פּאָסט־סטאַנציע וואָראָנקאָוואָ

פֿינף הונדערט פֿיר און פֿופֿציק געפּאַשעט פֿון מענלעכן געשלעכט.

זיבן הונדערט צוויי און פֿופֿציק נעפּאַשעט פֿון ווײַבלעכן געשלעכט.

און מיטאמאָל, עס הערט זיך אַ גלאָק, וואָס פֿאַרלירט זײַנע אָפּגעריסענע קלאַנגען אין דער טיפֿקײַט פֿון דער נאַכט. ער האָט זיך אָפּגעקערט פֿונעם סלופּ. צי

פאָרט מען ניט פון פּערעיאסלאַוו?—האָט ער א טראכט געטאָן. און דער גלאָק ווערט אלץ נעענטער און נעענטער. עס הערט זיך אפילע, ווי עס רײַבן זיך די אקסן אָן דעם אויסגעווייקטן, קלעפּיקן באָדן.

ער האָט זיך אויסגעגלײַכט און האָט איצט אויסגעזען נאָך העכער ווי אַלעמאָל, האָט גענומען שפּאַנען ארום גאנעק, די פערד זײַנען שוין געווען גאָר נאָענט, און נאָכים ראבינאָוויטש האָט אוועקגעשפּאנט זײַ אנטקעגן.

— מאזלטאָוו, באלעבאָס! די באלעבאָסטע האָט מיט מאזל געבוירן א ייִנגל.

דאָס האָט הערצל שטשופּאק אויסגעשריִען אף זײַן קוויטשעדיק קעלכל, ארויס־רוקנדיק דעם קאָפּ פונעם לעדערנעם בײַדל.

די פּאָסט־פערד זײַנען ארײַנגעפּאָרן אפן הויף פון דער סטאנציע און אין א פּאָר מינוט ארום איז הערצל שטשופּאק—דער עלטסטער מעשאָרעט פון די ראבינאָוויטשעס—געזעסן אין קאָנטאָר באם טיש אנטקעגן נאָכים ראבינאָוויטש. הערצל שטשופּאק האָט איצטער מער ווי אלעמאָל געביסן דעם שפּיץ פון זײַן גרויער באָרד און מיט זײַנע ברעמען אלץ געפינטלט און געפינטלט, קוקנדיק גלײַך נאָכים ראבינאָוויטשן איבערן קאָפּ.

ער האָט געוואַרט, ביז וואנען נאָכים ראבינאָוויטש וועט אופהייבן דעם קאָפּ פונעם אָפענעם פּאפּיר, וואָס ער, הערצל שטשופּאק, האָט אים געבראכט פון דער היים. דער אלטער „מענטש" האָט איצט נאָך מער איבערגעלעבט דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט מיט עטלעכע טעג צוריק אין פּערעיאסלאַוו בא זײַנע באלעבאטים אין שטוב. פאר זײַנע אויגן האָבן זיך געטראָגן די קלעצער פון די צעשלאָגענע פליטן, געטראָגן זיך איבער דעם קאלעמוטנעם שוים פונעם רוישנדיקן דניעפּער. ס'איז אים שווער געווען, הערצל שטשופּאקן, צו מאכן קוראזש, צו פאָרשטעלן זיך, אז ער ווייס פון גאָרנישט. ער האָט זיך אָבער געמאכט ניט ווּיסנדיק און געוואַרט, דער באלע־באָס זאָל אים אליין פרעגן.

נאָכים ראבינאָוויטש האָט זיך אופגעשטעלט פון זײַן שטול, האָט אויסגעזען ווי אופגעהאָרבעט און האָט גענומען לייענען אפן קאָל.

„...האָאייצים [1]) זײַנען אוועק מיטן וואסער בישוויל [2]) האפּאוואָדקעס, וועהאפליטן זײַנען צעקלאפּט געוואָרן אל האפּאראָגן... [3])"

הערשל שטשופּאק האָט זיך אופגעשטעלט, האָט צעפּירט מיט די הענט.

— הערט איר, באלעבאָס, א פּאוואָדקע מיט סאקאָנעס, זינט די וועלט שטייט... ביטערע צײַטן אָנגעשטאנען. אָבער ווי זאָגט דער פּאָסיק: האָרכוש קאכ לאָכ וועהאנע־פּעש טען לי—נעם זיך די קלעצער אין אלדי קאדיק, און דאָס ווײַב און קינד לאָז מיר איבער.

הערשל שטשופּאק האָט אזוי באטאָנט זײַנע לעצטע ווערטער, אז זײַן קוויטשעדיק קעלעכל האָט זיך געקענט אויסדוכטן ווי א קינדיש געוויין. נאָכים ראבינאָוויטש האָט אָבער גלײַך ווי גאָר ניט געלייגט קיין אכט אף הערצלס רייד, איז אנטשוויגן געוואָרן אווײַלע און האָט באלד ווידער געלייענט.

[1]) האָאייצים—די געהילצ.
[2]) בישוויל—צוליב.
[3]) אל האפּאראָגן—אף די שוועלן.

„...האגראפ מיבאָסלאוו האָט זיכ אופגעהאנגענ טאקע בימיי האפאוואָדקעס אונ ד'י אנשיי שלוימיינו פונ דעמ טאלנער שטיבל זאָגנ, אז דערפאר זיינענ דאָס די האיאָרדיקע פאוואָדקעס מיט סאקאָנעס. פייסאכ־עליע דער וויינער האָט אימ אָנגע־טאָנ א פיינע היטל, דעמ גראפ, געשטעלט בעדיל האדאל. א גוטער יימאכשמוויניק! ווענג דער אייזנבאנ דערציילט מענ גאָר בא אונדז כידושימ, אונ זיינ ליבער נאָמענ וויימ, צי וועט עס ניט שלאָגנ אל האפארנאָסע שעל האפאָטשט".

נאָכימ ראבינאָוויטש האָט זיכ אָפגעשטעלט, האָט זיכ אביסל פארטראכט אונ א ליכטער שמייכל האָט זיכ געוויזנ אפ זיינ פאָנעמ. עפעס האָט אימ היינטיקס מאָל דער לאָשנ פונעמ בריוו מער ווי אלעמאָל דערמאָנט אָנ פערעלס בוכ „מעגאלע טמירימ" (אנטפלעקער פונ געהיימעניש). עפעס שרייבט זיינ ברודער פינכעס פונקט ווי יענער פליאסק דער כאָסיד בא פערעלנ.

— נו, זאָל זיינ אזוי! ווי האָט איר געזאָגט, רעב הערצ? נעמ זיכ די קלעצער צו אלדי שווארצע יאָר, דאכט זיכ, האָט איר געזאָגט, אונ דאָס ווייב אונ קינד לאָז מיר איבער, אזוי זאָגט איר, רעב הערצ?

הערצל שטשופאק האָט זיכ צעשמייכלט אינ זיינ גרויער באָרד. עס האָט אימ האנאָע געטאָנ, וואָס זיינ יונגער באלעבאָס האָט אימ דאָכ געהערט אונ האלט אפילע פונ זיינע רייד.

— אונ ווענג דער אייזנבאנ, באלעבאָס, קענ איכ אייכ זאָגנ, אז דאָס איז בלאָטע, פוסטע מייסעס. ווער עס איז איינ מאָל געפאָרנ מיטנ גלאָק, וועט זיכ ניט העצקענ מיטנ פייפ. פוסטע מייסעס! וואָלק דאָ ליעסו ציאהניע...

— נו, זאָל זיינ אזוי!—האָט נאָכימ ראבינאָוויטש געזאָגט אונ דורכגעלייענט די לעצטע שורעס פונעמ בריוו.

„... איידער אישטעכאָ כאיע־עסטער, זאָל האָבנ לאנגע יאָר, איז מיט מאזל גע־לעגנ געוואָרנ, איז איר געקומענ צו כאָלעמ שאָלעמ הייסינער, דער כאזנ פונ טאל־נער שטיבל. ער קער אָב אנ עלטער־פעטער איר מאמענ, זאָל לעבנ, אונ זי, כאיע־עסטער, זאָל געזונט זיינ, געדענקט אָט ווי הייגט, ווי ער האָט צו איר געזאָגט:

— וואָס מאכסטו, כאיע־עסטער סערדצע?

— נישקאָשע,—האָט זי געענטפערט.

— וועסט אימירצעאשעמ האָבנ א לאנג־לעבעדיקנ ייִנגל,—אונ איז טייקעפ ניט געוואָרנ.

ס'וואָלט געוועט א יוישער גאָדל מ'זאָל דעמ ניי־געבוירענעמ ייִנגל א נאָמענ געבנ נאָכ אימ: ער האָט, נעבעכ, נאָכ זיכ קיינ נאָמענ ניט. אונ זאָל ער זיינ א גוטער בעטער פארנ ייִנגל, פאר טאטע־מאמע, פאר אונדז אלעמענ, פאר קאָל ייִסראָעל. אָמיינ".

אפ מאָרגנ זיינענ זיי ביידע, דער באלעבאָס אונ דער „מענטש", געקומענ אינ פערעיאסלאוו. אונ דעמ צענטנ מארט זיינענ אינ דער גרויסער שטוב פונ וועוויק ראבינאָוויטשעס יאָרשימ געווענ צונויפגעשטעלט טישנ צו טישנ אונ אינ מיטנ טאָג האָבנ ליכט געברענט אפ זיי. אונ בא די טישנ זיינענ געזעסנ באזונדער מענער אונ פרויענ, געגעסנ אונ געטרונקענ.

מענטשנ האָבנ געזונגענ אונ געטאנצט, אונ פינכעס, דער עלטערער ברודער

נאָכים ראבינאָוויטשעס, האָט אָנגעטאָן א ווייסן קיטל איבער זיין יאָנטעוודיקער זיידענער קאפאָטע און האָט געטאנצט דעם מיסטישן „טויטן־טאנץ".

פרויען און מענער זיינען געשטאנען ארום אים, געהויבן די הענט אין דער הויך, געמאכט טרויעריקע מינעס, און ער האָט געטאנצט מיט פארמאכטע אויגן, אופגעהויבן די הענט אין דער הויך, געשאָקלט מיט זיין שווארצער לאנגער באָרד. ער האָט געדענקט וועגן די צעשלאָגענע פליטן, וועגן די רייכטימער, וואָס זיינען אוועקגעשווומען מיטן וואסער, וועגן דער פארפלוכטער אייזנבאן, וואָס שלאָגט אפ דער פארנאָסע פון וועוויק ראבינאָוויטשעס יאָרשים.

און מיטאמאָל האָט זיך דער ייִנגסטער ברודער ניסל ראבינאָוויטש צעזונגען. ער האָט ערשט ניט לאנג אויסגעלערנט א ליד, וואָס ער האָט איבערגעשריבן בא איינעם א באקאנטן, וואָס איז געקומען פון זשיטאָמיר. עס האָט א שילער פון ראבינער־שול פארפאסט.

איבערן שטוב האָבן געקלונגען פאָלגנדיקע פערזן:

דער ווינט בלאָזט קיל
ארום דער מיל;
די פליגל דרייען זיך,
די מילנער פרייען זיך;
. . . . . . . . .
. . . . . . . . .
מע לויפט
מע קויפט;
גאָר א מעציִע,
וואָלוול טווּע;
דאָרט שיט מען אונטער
אביסל וייצ;
דאָ נעמט מען ארונטער
מעל שוין גרייטס;
מע פאקט אין פעק,
אין גרויסע זעק,
מע פירט אוועק
און מע נעמט בא קוינים
גוטע מאטמוינים;
די מילנער פרייען זיך,
די פליגל דרייען זיך;
דער ווינט בלאָזט קיל
ארום דער מיל.

דער אוילעם האָט אָנגעקוואָלן פון דעם דאָזיקן לידל. און מיטאמאָל האָט ניסל אראָפגעלאָזן דעם קאָפּ, צעפירט מיט די הענט און האָט אָנגעהויבן לאנגזאם צעציִען דעם געזאנג:

די פליגלען, וואָס זיינען הויך געפלויגן,
און האָבן זיך אין ראָד געדרייט שנעל,

געשווינדלט האָבן זיי פאר די אויגן...
דערפאר איז פון זיי היינט געוואָרן טעל.

אלע האָבן איצטער פארליינט די קעפ אָן א זייט, צוגעפליעסקעט מיט די הענט, געטופעט מיט די פיס.

— א מעסיקעסדיק לידל, צעגייט זיך אזש איבער די גלידער.

און אין דעם טאָג איז אפ דעם בלאט פון די ראבינאָוויטשעס אין דער פערע־יאסלאווער סקאזקע צוגעקומען א נייער נאָמען:

שאָלעם נאָכימאָוו ראבינאָוויטש.

און דאָס יידישע פאָלק האָט אין אָט דער וואָך באקומען דעם גענ͏יאלן קינסט־לער פון זיין ביטערן געלעכטער, וואָס האָט הונדערטער יאָרן געשוועבט אין פאָלקס־ווערטלעך, אין וויצן, אין פארשיידענע פאָלקס־מייסעס איבער שטעט און שטעטלעך פון אוקראינע, ווייסרוסלאנד און פוילן און געוואָרט אפ זיין גרויסן שעפער שאָלעם־אליי כעם.

## פון פערעיאסלאוו אין וואָראָנקע

בא נאָכים ראבינאָוויטשן אין שטוב האָט פרומע די מויד היינט נאָך מער ווי אלעמאָל געשריען און געפאדעט, ניט געזשאלעוועט קיין בוכענצעס די קינדער, געשאָלטן און געשריען. און מער ווי אפ אלעמען האָט זי געשריען אפ דעם בלאָנד, יאָדערדיק יינגל שאָלעם. זי אליין האָט היינט מיט דעם איינציקן אויג באמערקט, ווי ער שטייט הינטער איר און קוימט זי איבער: שטעלט אויס די אונטערשטע ליפ, רייבט מיט א הענטל איבער אן אויג און שרייט פונקט ווי מיט איר קאָל „סאמאוואָלעצ".

— אָט א סאמאוואָלעצ, ליבינקער פאָטער! אלעוויי זאָל איך ליגן זאָגן, עס וועט פון אים קיין גוטס ניט ארויסקומען, אָט דער ניעדאראָסט וועט מיט זיין טויט ניט שטארבן.

זי וואָלט אים גאנצ גוט אָפגעצאָלט מיט א פאָר בוכענצעס אין די זייטן אריין, אָבער ווי זי האָט זיך נאָר א קער געטאָן צו אים, איז ער שוין ארויסגעלאָפן אפ דער גאס. עס האָט איר שטארק פארדראָסן, פארוואָס זאָל עס א טאטנס א קינד זיין אזא סאמאוואָלעצ. עס האָט זיך איר געוואָלט פאר עמעצן אויסריידן דאָס הארצ. אין קיך איז אָבער קיינער ניט געווען, האָט זי זיך צערעדט פאר זיך.

— וואָסי, זאָל ער מיר געזונט זיין, זאָל אים גאָט ניט שטראָפן, ער גיט עפעס אכטונג אפ זיינע קינדער? עס ארט אים עפעס פאר א וועלט? יענע האָרעוועט נעבעך א גאנצענעם טאָג, שרייט זיך אָן ווי א פויק אין קראָם און אים שטעלט דער סין ארויס א צונג... אָבער מיטן לויפער, ווידער מיטן שאָך. א שטאָך, א בראָך זאָל שוין קר־מען אפ שמול־עליע דעם כאזן. גאנצענע טעג ווערט אים ניט נימעס צו זיצן און שרייען: „א־א מיין גאנג!" גיין זאָל ער אפ שטאָלצן. „איר זייט פאָר, רעב נאָכים". פאָרן זאָל ער אפ די זייטן.

פרומע די מויד איז פלוצים צוגעלאָפן צום אויוון, א כאפ געטאָן א טאָפ מיט הייסן אָקרעפ און פליוך אפן הונט וואָס איז פארקראָכן אין קיך. סירקע האָט זיך

צעקוויטשעט, און פרומע די מויד האָט נאָכ העכער פונ אים געשריִען, האָט געקלאפּט מיט א שטעקנ איבערנ דיל און אינ וואנט, אז עס זײַנען אראָפּגעפאלנ די קופּערנע געפעס פונ דער גראטקע. דער קלאפּ פונ די געפעס האָט אָפּגעהילכט איבערנ גאנצנ שטוב.

פרומע האָט אופגעהערט צו שלאָגנ מיטנ שטעקנ איבערנ וואנט, ווענ עס האָט זיכ האסטיק אופגעעפנט די טיר פונ קיכ, און עס זײַנען איבערגעשראָקענע ארײַנ-געלאָפנ די באָבע מינדי, נאָכים ראבינאָוויטש, הירשקע דער סינ, ניסל, נאָכימס יִנגערער ברודער, און שאָלעם, וועלכער איז געשטאנענ הינטער אלעמענ און האָט זיכ צעשריִען.

— פּאָסעט איז פּאָסעט, וואָס איז דאָס פאר א געסריי, וואָס איז דאָ כאסווע־סאָלעם געסענ?—דאָס האָט ער איצטער איבערגעקרימט הירשקע דעמ סינ.

וואָלט עס געשענ אנ אנדערשמאָל, אז די ראבינאָוויטשעס הערנ, ווי ער קרימט איבער זייער שוטעפ, וואָלט אים שוינ די באָבע מינדי צוגעשטעלט א בענקעלע פארנ רעבנ און זאָל דער קונדעס וויסנ, ווער עלטער איז. אָבער הײַנט איז עס די ראבינאָוויטשעס ניט געלעגנ אינ קאָפּ. מירקעס האווקערײַ און פרומעס געשרייענ האָבנ בלויז איבערגעריסנ דעמ געשריי און די קריג, וואָס איז פאָרגעקומענ בא נאָכים ראבינאָוויטשנ, אינ גאסט־צימער.

א גאנצנ כוידעש איז הירשקע דער סינ, ראבינאָוויטשעס שוטעפ, אָפּגעווענ אינ וועג. ער האָט אוועקגעפירט די סכוירע אינ שטאָט ארײַנ און האָט אויכ באקומענ בא נאָכים ראבינאָוויטשנ א באפולמעכטיקונג אויסצורעכענענ זיכ אינ דעמ נאָענטנ צוקער־זאוואָד און באקומענ דאָס געלט.

ווענ הירשקע דער סינ איז געקומענ אינ וואָראָנקע צוריק, האָט ער וועגנ דעמ די ראבינאָוויטשעס ניט אָנגעזאָגט באלד. אפּ מאָרגנ נאָכ זײַנ קומענ איז ער געווענ אינ בעסמעדרעש, געמאכט א פרומ פּענימל, געשפּײַט אפּ די שפּיצנ פונ זײַנע פינ־גער און האָט נאָכ מער ווי אלעמאָל געקײַקלט זײַנע געלע פּייעס, אוועקגעשטעלט זיכ הינטערנ בימע לעבנ דער צדאָקע־פּושקע, געקלאפּט זיכ אינ הארצנ, געוויינט און ארײַנגעוואָרפנ א פּאָר קופּערנע מאטבייעס. ער האָט מיט קיינעמ ניט גערעדט, איז צוגעפאלנ צומ אָרנ־קוידעש, פּאנאנדערגעעפנט אים און האָט זיכ צעוויינט אפּנ קאָל, געקושט די סייפער־טוירעס און געשריִענ מיט א געוויינ.

— ריבוינעסעלוילאָם, וואָס האָסטו צו מיר געהאט, וואָס האָסטו אָנגעסיקט אפּ מיר רעסאָים אינ וועג. ניכײַ וואָלטנ זיי סוינ צוגענומענ מײַנ געפעס אויכ.

נאָכנ אָפּשרײַענ אינ אָרנקוידעש האָט ער אליינ פארמאכט די טירלעכ, אומגע־קערט זיכ צומ אוילעמ, געדרייט זײַנע געלע פּייעס, אראָפּגעלאָזנ די וויִעס פונ די אויגנ און איז אוועק אפּ זײַנ באשטענדיקנ אָרט. און דער אוילעמ האָט דעמלט אזוי גערעדט צווישנ זיכ:

— הערט אימ, רעסאָיִמ זײַנענ אימ באפאלנ דעמ סינ! בא נאָכימ וועוויקס טאָגס אינ קעשענע, און ער האָט אויסגעבויט צוויי שטיבער. וואָס דענ, א לאנטאכ טראָגט אימ געלט? אנ אויצער האָט ער געפונענ? הערט אימ דעמ סינ!

שוינ א שאָ צײַט, אז הירשקע דער סינ זיצט בא נאָכימ ראבינאָוויטשנ אינ

שטוב אונ גיט אָפּ כעזשבנ. הייַנטיקס מאָל זיצנ דערבייַ אויכ מינדי ראבינאָוויטש אונ ניסל.

— ווּ איז מענ דיכ באפאלנ, ווענ איז מענ דיכ באפאלנ? אז איכ זאָג דיר די גאנצע צייַט, ער טוט דיר אָנ א ספּאָדיק,—האָט ניסל געשריִענ, זנאט ניע זשעלאיעמ, גיב אָפּ דאָס געלט.

— פּאָסעט איז פּאָסעט. גאזלאָנימ האָבנ מיכ באפאלנ. אדאנק דעמ לעבעדיקנ, וואָס מענ האָט מיכ נאָכ געלאָזנ באמ נעפעס—האָט הירשקע אביסל איבערגעשראָקנ בעזאָגט אונ ווי אלעמאָל געכאפּט זיכ דרייענ זייַנע געלע פּייעס.

אינמיטנ דערינענ האָבנ זיכ דערהערט פּרומעס גוואלדנ, דער טראסק פונ די קופערנע געפעס אונ אלע זייַנענ איבערגעשראָקענע אוועקגעלאָפנ אינ קיכ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א גאנצ זומער, אז שאָלעמ נאָכימ ראבינאָוויטשעס ייִנגל כאווערט זיכ שטילער־הייט מיט גערשנ דעמ יאָסעמ, וואָס זייַנ מאמע, סאָרע־פייגע די קעכנ, רופט אימ גערגעלע, אונ זייַנ שטיפטאטע, יויסעפ־מייער דער העקער—גערגעלע־גאנעוו.

אלע דאָנערשטיק טיילט שאָלעמ אָפּ פונ זייַנ מיט זיכ, וואָס פרומע די מויד גיט אימ אינ כיידער. ער לייגט עס ארייַנ אינ א באזונדער קעשענע אונ ווארט, ביז וואַנענ גערגעלע וועט קומענ צו זייַנ רעבנ דעמ שויכעט קוילענענ אנ אָפּ.

א גאנצע וואָכ ווארט ער, שאָלעמ, אפּ אָט דעמ דאָנערשטיק. גערגעלע קומט, גערגעלע פארייַסט זייַנ צעשפּאָלטענע ליפּ, ער צעקרייעט זיכ ווי א האָנ. דער רעבע שרייַט אפּ אימ אונ די קינדער צעקוואָקטשענ זיכ ווי די הענער.

גערגעלע הערט אופ צו קרייענ, אינ כיידער ווערט ווידער שטיל, דער רעבע זיצט שוינ אפּ זייַנ באשטענדיקנ אָרט. אונ גערגעלע הייבט פלוצימ ווידער אָנ צו זינגענ שטיק. ער מאכט שוינ נאָכ אנ אינדיק אונ שרייַט אויס.

האלט דיר—האלט דיר, האלט דיר
האלט דיר, נעמ דיר—האלט דיר.

די קינדער אינ כיידער קאטשענ זיכ פאר געלעכטער, העלפנ אימ אונטער, הויבנ אָנ צו שפּרינגענ פונ די בענק. דער רעבע יאָגט זיכ נאָכ גערגעלענ אונ גערגעלע שרייַט שוינ אונטערנ פענצטער:

קו־קא־רי־קו, לאנגע נאָז!
מ׳עט דיכ כאפּנ ווי א האָז!
מ׳עט דיכ בינדנ, מ׳עט דיכ שלאָגנ,
מ׳עט דיכ לייגנ אינ א וואָגנ
מ׳עט דיכ מוטשענ אָנ א סאָפ,
מ׳עט דיכ קוילנ ווי אנ אָפּ!..

אונ אלע דאָנערשטיק מערקירט גערגעלע אויס צו קומענ מיטנ אָפּ אינ דער צייַט, ווענ דער רעבע האלט בא פאנאנדערלאָזנ די קינדער פונ כיידער.

דעמלט ווארט גערגעלע אפּ שאָלעמענ אפנ גאס אונ זיי גייענ ביידע אינייִנעמ אוועק. גערגעלע גייט פאָרויס מיט דעמ געקוילעטנ אָפּ, אונ שאָלעמ גייט אימ נאָכ

פונ הינטנ. גערגעלע טראָגט אָפּ דאָס אָפּ דער באַלעבאָסטע אונ נאָכדעמ גייט שאָלעמ פאָרויס, אונ גערגעלע הינטער אימ, ביז זיי קומענ לעבנ הויפ פונ נאָכימ ראבינאָוויטשעס שטוב. שאָלעמ גייט אריַינ אינ שטוב, אונ גערגעלע וואַרט, ביזוואַנענ שאָלעמ טראָגט אימ עפּעס ניט ארויס.

פונקט ווי אַלע דאָנערשטיק פונ דעמ היַינטיקנ זומער, איז אויכ היַינט שאָלעמ בעגאַנגענ מיט גערגעלענ צו זיכ לעבנ הויפ. אונ גערגעלע האָט געוואַרט ביז שאָלעמ וועט אימ ארויסטראָגנ א שטיקל קוילעטש, אָדער א באָקסערל. גראַדע היַינט איז שאָלעמ ניט געווענ פאַרזיכטיק מיט פרומע די מויד, אונ זי האָט אימ געפּאַקט ווי ער קרימט זי איבער, האָט ער דאָכ געמוזט אנטלויפנ אפנ גאַס אונ האָט מיט זיכ גאָרנישט ניט פארכאַפּט.

ער וועט זיכ פרוווּנ ווידער אריַינכאַפּנ אינ שטוב דורכ דער גאַס־טיר. עפּשער וועט אימ די באָבע מינדי פרעגנ, צי האָט ער שוינ געגעסנ אונ וועט אימ געבנ שטיקל קוילעטש אונ עפּשער נאָכ עפּעס וואָס, וועט ער שוינ האָבנ וואָס צו געבנ גערגעלענ.

דער טאָג, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבנ אָפּצוקערנ זיכ מיט די פּלייצעס צו וואָראָנקע אונ באַהאַלטנ זיכ פונ דער נאַכט, איז געווענ א הייסער, א העלער אונ האָט געברענט דעמ זאַמד אונטער די באָרוועסע פיס. אַצינד איז קילבלעכ, א פרישפריילעכ ווינטל שפּילט זיכ מיט דעמ זאַמד אונ גלעט איבער גרעזער, איבער סאָניעטשניקעס פונעמ גאָרטנ, וואָס ליגט לעבנ נאָכימ ראבינאָוויטשעס הויפ.

גערגעלע זיצט אפּ די קלעצער קעגניבער אָט דער שטוב אונ דעמ גאָרטנ. עפּעס האָט ער דערפילט א פרישקייַט, וואָס האָט אימ געגלעט איבערנ פּאָנעמ אונ ער האָט זיכ אזוי פארבענקט נאָכ צערטלעכקייַט.

זייַנע אויגנ האָבנ זיכ פארקוקט אפּ די געהאַפּטעטע אונ געשפּיצטע פאָרהענגלעכ, וואָס זייַנענ געהאַנגענ אפּ די פענצטער פונ דעמ נאָגידס שטוב קעגניבער די קלעצער. ער איז נאָכ קיינמאָל ניט געווענ בא א נאָגיד אינ שטוב. ער איז געווענ בלויז אפנ שוועל נאָר פונ א נעגידישער קיכ—אונ ווייַטער ניט.

אונ עס האָט אימ עפּעס, גערגעלענ, גענומענ ציִענ אונ דריקנ דאָס הארצ. אונ זייַנע גרויע אויגעלעכ האָבנ זיכ פארצויגנ מיט עפּעס א פייַכטנ, פארנאַכטיקנ נעפּל. אונ עס האָט זיכ אימ פארגלוסט גלאַט אזוי זיכ אריַינגיינ אונ א קוק טאָנ ווי לעבט מענ עס בא נעגידימ אונ ווי זעט אויס א נאָגירס א שטוב. קיינמאָל האָט זיכ אזוי זייַנ קאָפּ ניט אראָפּגעלאָזט, קיינמאָל האָט זייַנ הארצ עפּעס אזוי ניט געצויגנ, קיינמאָל האָבנ זייַנע אויגנ אזא פרישנ נעפּל ניט געזענ ווי היַינט.

ער האָט גאָרניט באמערקט, אז ער איז אראָפּ פונ די קלעצער, אז זייַנע באָרוועסע, קויטיקע פיסלעכ זייַנענ אדורכ די ברייט פונ דער נאָכ אָנגעגליטער וואָראָנקער גאַס, אז ער איז ארופּ אפנ פעדראַשעק, געעפנט די גאַס־טיר פונ נאָכימ ראבינאָוויטשעס שטוב אונ איז אריַינ גלייַכ אינ דעמ פאָדערשטנ צימער ארייַנ, אינ דעמ צימער פאר די געסט.

אויסער שאָלעמענ זייַנענ קיינער פונ די קינדער אינ שטוב ניט געווענ. עס זייַנענ בלויז געווענ אינ שטוב נאָכימ ראבינאָוויטש, זייַנ מאַמע מינדי, זייַנ ברודער ניסל אונ הירשקע דער סינ. מע האָט זיכ געקריגט אונ געאַמפּערט אונ מע איז

געווען פאַרטיפט אין געשעפט. קיינער האָט גאָרניט באַמערקט, אַז עס האָט זיך געעפנט די גאַס־טיר.

גערגעלע איז אַרײַן אין שטוב און האָט זיך געלאָזט גײן. ער האָט דערזען, אַז פון דער אָנטקעגנדיקער טיר גײט אים אַנטקעגן אַן אומבאַקאַנט ייִנגל, אַן אָפּ־געריסענער, אין שמאַטעס אָנגעטאָן. ער האָט נאָך אים קײנמאָל ניט געזען, אָט דעם ייִנגל, אין וואָראָנקע. און עפּעס קוקט אָפּ אים דאָס ייִנגל מיט אַזױנע פאַרכידעשטע אויגן און גײט אים גלײַך אַנטקעגן. מיטאַמאָל דערזעט ער, דאָס ייִנגל שטעלט אים אויס אַ צעהאַקטע אױבערשטע ליפּ. עפּעס אַזוי זעט אויס די ליפּ באַ די קינדער, וואָס קרימען אים נאָך, ווען זײ שרײַען אָפּ אים „צעהאַקטע ליצ“, אָבער דאָס ייִנגל שווײַגט, ער גײט נאָר אים אַנטקעגן, פאַרבײַסט און שאָקלט די צעשפּאָלטענע ליפּ.

„ער קרימט מיך איבער, דער הונט“—האָט גערגעלע געטראַכט.

ער האָט זיך געוואָלט אַ לאָז טאָן צום ייִנגל און אַ זעץ טאָן אים אונטער די „פּאָדרובעס פון זײַנע אויגן“, אָבער ער האָט דערפילט, ווי עס האָט אים אַ צערט־לעכע קינדערשע האַנט אַ ציִ געטאָן פאַרן אַרבל. און ער האָט דערזען, ווי שאָלעם האָט אים אַ ווונק געטאָן מיט זײַנע בלויע אויגלעך, האָט אים אָפּגעפירט אין אַ ווינקעלע, אַוועקגעזעצט זיך מיט אים און דערלאַנגט אים אַ שטיקל קוילעטש מיט קעז.

ווען פרומע די מויד האָט אָפּגעגאָסן טירקען מיט אַ טאָפּ הייסן אָקרעפּ, און ווען אַלע און שאָלעם זײַנען אַוועקגעלאָפן אין קיך צוליב פרומעס און טירקעס געוואַלדן, האָט זיך גערגעלע אויפגעהויבן פון ווינקל און געלאָזן זיך באַקוקן דעם גרויסן אויפגערוימטן נעגידישן צימער.

ער האָט געקוקט אָפּ די בילדער, וואָס זײַנען געהאַנגען אָפּ די ווענט. עפּעס איז אים זײער געפעלן געוואָרן אַ באַטאַליש בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט, ווי־אַזוי קאַוואַלעריסטן שפרינגען אײנע אָפּ די אַנדערע מיט די פערד, שטעכן זיך מיט לאַנגע פּיקעס און ווי אָנאַזײַס פון אָט די רײַטערס שטײט אַ יונגע פרוי מיט אַ ווײַסן טיכל אָפּן קאָפּ, מיט אַ רויטן צײלאָם אָפּן האַנט און פאַרבינדט דעם צעבלו־טיקטן קאָפּ אַ סאָלדאַט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך אָפּ נאָך אַ וואַנט. דאָס פריִערדיק ייִנגל מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ גײט ווידער אים אַנטקעגן גלײַך פון דער טיר מיט די רויטע באַלעטראַמען.

און דאָס ייִנגל איז איצטער שעלמישער ווי פריִער, אַן אויפגערעגטער. ער, גער־געלע, ווײַזט אים אַ פויסט, ווײַזט ער אים אויך אַ פויסט. גערגעלע דערלאַנגט אַ שפּײַ, שפּײַט ער אויך. אַצינד איז קײנער ניטאָ, ער וועט אים ווײַזן, וואָס ער, גערגעלע, איז. ער וועט אַ שפּרונג טאָן און מיטן קאָפּ אַ זעץ טאָן אים „אין דער מאַצײוּוע אַרײַן“. און זאָל ער וויסן ווי איבערצוקרימען זיך.

גערגעלע האָט אײַנגעבויגן דעם קאָפּ, פאַרקוועטשט די פויסטן, האָט זיך אַ לאָז געטאָן קעגן ייִנגל און האָט אַ זעץ געטאָן מיטן קאָפּ און מיט די פויסטן גלײַך... אין שפּיגל אַרײַן. דער שפּיגל האָט אַ דרוזשקע געטאָן.

ווען אלע האָבן זיך א לאָז געטאָן פון קיך אין גאסט־צימער, איז גערגעלע געלעגן אין אָנמאכט לעבן וואנט מיט אופגעדריקטע צעבלוטיקטע פויסטן.

— א, סקאָצל קומט, גערגעלע איז דאָ! נא דיר נאָך א סירקע אפ מײַן קאָפּ! סאמאוואָליעצ! איוואן פּאָפּערילע!—האָט פרומע די מויד א צעקאעסטע געשריִען אפ שאָלעמען, וועלכער איז שוין אין שטוב ניט געווען.

## כאָלעם און וואָר

עס איז שוין באלד האלבער טאָג און שאָלעם ווארט אפ מייערן ער זאָל קומען. עס איז שוין געקומען קימאט א האלבער כיידער ייִנגלעך צו נאָכים ראבי־באָוויטשן אפן הויף. איין ייִנגל האלט דעם אנדערן פאר די לאנגע ציצעס. דאָס פאָרן זיי. איינער איז דער פערד, דער אנדערער—דער אָנטרײַבער. איינער טרובעט אין די קולאקעס, א צווייטער פײַקלט אין אן אלטן פארזשאווערטן בלעך, די אי־בעריקע קינדער שרײַען.

שאָלעם גייט ארום צווישן זיי א צופרידענער, אָבער עס פארדריסט אים, וואָס שמוליק איז ניטאָ. און פאר זײַנע אויגן ווײַזט זיך אויך א צעבלוטיקטער גערגע־לע, וואָס מע קען אים ניט נעמען אין קאָמפּאניע. עס איז אים עפּעס א ראכמאָ־נעס אויך אפ דער באשעפעניש.

מייער איז געקומען, און דער גאנצער אוילעם קינדער קלײַבט זיך צונויף ארום אים און ארום שאָלעמען. מע גייט אוועק אפ דער טאָרהאָוויצע. געקומען לעבן כאיע־עסטערס קראָם.

אפן פלאצ פון דער טאָרהאָוויצע איז פוסט, עס שטייט בלויז איין אלט וועגל, לעבן אים אן אויסגעדארטע ווײַסע שקאפע און ווי־ניט־ווי שווארצע פינטלעך אפ איר, מיט אן אראָפּגעהאנגענער אונטערשטער ליפּ און קוקט מיט אירע גרויסע, צעיאָטערעוועטע אויגן אפ א דויטער שמאטע, וואָס הענגט אפן טיר פון כאיע־עסטערס קראָם. אפן וועגל זיצט א בלינדע, געשטופלטע יונגע אוקראַיִנערן מיט א קינד אפן האנט. און לעבן וואָגן אפ א קלעצל—א באיאָרנטער אוקראַיִנער מיט א קאָבזע אפן שויס. דאָס איז א פאמיליע פון א בעטלער—א קאָבזאר איבערגעבליבן פון נעכטיקן יאריד און וואַרט אפ דעם קומענדיקן זונטיק.

די קינדער האָבן זיך צעזעצט אפן גאנעק פון כאיע־עסטערס קראָם און מייער איז געבליבן שטיין און האָט אָנגעהויבן צו זינגען:

> ביי איך ארויס אפ דער ווילנער גאס,
> הער איך א קאָל מיט א גרויס געשריי:
> אוי־וויי!—
> מע וויינט אזוי...
> וואָס איז דאָס פארא יאָמער,
> וואָס איז דאָס פאר א קלאָג
> אינמיטן העלן, ליכטיקן טאָג?
> אוי־וויי!—
> מע וויינט אזוי...

א קינד ליגט אינ וויגעלע מיט אויסגעוויינטע אויגנ,
א מאמע ליגט אפ דער ערד די פיס אויסגעצויגנ.
עס איז א יאָמער, עס איז א קלאָג
אינמיטנ העלנ, ליכטיקנ טאָג.
אוי־וויי!
מע וויינט אזוי...

אנ עכאָ פונ א העלער ליכטיקער שטימ האָט זיכ געקײַקלט איבער דער טאָרהאָוויצע אונ א געוויינ א זויבערער, א קינדערשער האָט אימ נאָכגעיאָגט; אונ געפלויגנ איז אָט דער זינגעוודיק־וויינענדיקער עכאָ אינ די אָפענע טירנ פונ די פינצטערע קלייטנ אונ האָט איבערגעריסנ דעמ שמועס פונ עלטערע אונ ייִנגערע קלייטניצעס אונ קלייטניקעס אינ די קראָמענ, אז פיל פונ זיי זײַנענ באלד ארויסגעלאָפנ אפ די גאניקעס.

מייער מעדוועדעווקער אונ די קינדער האָבנ זיי קיינעמ ניט באמערקט. איצט האָט ער שטארקער געזונגענ, פארבראָכנ די הענטלעכ, פארגלאָצט זײַנע שווארצע ברענענדיקע אויגלעכ אונ דאָס פּאָנעמ זײַנס איז געוואָרנ בלייכ, אז עס האָבנ זיכ אזש צעשטעלט גרײַפּעלעכ אונטערנ הויט. ער האָט געזונגענ אונ אלע קינדער האָבנ אונטערגעכאפּט:

אוי־וויי!—
מע וויינט אזוי...

— זינג נאָכ עפּעס, מייערקע, זינגט נאָכ, קינדער,—האָבנ זיכ די קלייטניצעס געבעטנ. מייער האָט אָבער מער ניט געזונגענ. ער האָט זיכ אוועקגעזעצט אפנ גאנעק, איז געבליבנ זיצנ פארטראכט. פאר זײַנע קינדישע אויגנ איז נאָכ אלצ געשטאנענ דאָס בילד פונעמ קינד מיט דער מאמענ, פונ ייִדנ אונ ייִדענעס, וואָס האָבנ געבראָכנ די הענט אונ געוויינט, אונ אינ זײַנע אויערנ האָט געקלונגענ דער ביטערער יאָמער אונ געוויינ פונ דער ווילנער גאס. דאָס ייִנגל מיטנ אופגעדרייטנ היטל האָט געטרובעט אונ אימ האָט צוגעקלאפּט דער צווייטער מיט דער פארזשאווערטער בלעכ. אונ לעבנ מייערנ איז געזעסנ בלויז שאָלעמ, ער האָט אימ געקוקט אינ זײַנע אויגנ ארײַנ, אונ זײַנ אופגערעגט פּאָנעמ האָט אלצ נײַגעריק ווי געפרעגט אונ געוואָלט זיכ דערוויסנ, וואָס טראכט איצטער מייערקע.

אנ עלטערע סעדיכע, וואָס האָט סײַ זומער, סײַ ווינטער געטראָגנ אנ אלטנ ווינטערדיקנ מאנצבילשנ סיזשליק, איז צוגעגאנגענ צו מייערנ:

— נא, מייערקע, א באָקסערל אונ זינג נאָכ עפּעס. זינג, מייערקע. אוי, א מעכאיע צו הערנ!—האָט זי זיכ געווענדעט צו כאיע־עסטערנ, וועלכע איז געשטאנענ אפנ גאנעק אונ געווישט די טרערנ פונ די אויגנ.

מייער האָט זיכ ווידער געשטעלט.

— ניינ, איצטער וועלנ מיר ניט זינגענ, מיר וועלנ זיכ פארשטעלנ. שאָלעמ וועט זיכ אויכ פארשטעלנ.—אונ באלד האָט מענ זיכ גענומענ פארשטעלנ.

שאָלעמ איז געוואָרנ נאָכ קלענער ווי ער איז. אפנ פלייצע איז בא אימ אויסגעוואקסנ א גרויסער האָרב פונ אָנגעשטאָפּטנ היי, אינ האנט האָט ער געהאלטנ א

גרויסנ סוקעוואטנ שטעקנ, אונ א טאָרבע איז אראָפּגעהאנגענ צו דער לינקער האנט זײַנער. ער איז געגאנגענ אונ געציטערט פאר שרעק. ארום אים זײַנענ געשטאנע קינדער מיט איבערגעקערטע בעזימער אינ דער הויכ. דאָס האָבנ די קינדער פאָר געשטעלט א װאלד אונ שאָלעמ האָט געבלאָנדזשעט צװישנ זײ.

מיטאמאָל עס װײַזט זיכ אנטקעגנ מײערקע. די הויזנ זײַנענ פארקאטשעט ארי בער די קני פונ זײַנע באָרװעסע פיס. ער איז ארומגעבונדנ מיט א שטריק ארו בויכ, זײַנ מאמעס קאלאדאטשנ־מעסער ארײַנגעשטעקט אונטערנ שטריקל. מײערק האָט פארריסנ דעמ קאָפּ זײַנעמ, אויסגעטאראשטשעט די אויגנ, ארויסגעשטעלט ד אונטערשטע ליפּ, דאָס היטל אראָפּגעװאָרפנ אונ האָט זיכ צעשריִענ:

— סט־וי־וי!

אונ שאָלעמ, װאָס האָט פארגעשטעלט דעמ אָרעמנ האָרבאטנ, האָט גענומע װארפנ מיט די הענט אונ טרײסלענ מיטנ קאָפּ, צעזונגענ זיכ מיט א קװיטשעדיק װײנענדיק קאָל:

מײַנ הארצ קלאפּט אינ מיר,
עס טרײסלט מיר א צאָנ אָנ א צאָנ.
װאָס האָב איכ, גאָטעניו,
פאר אנ אומרעכט געטאָנ?

מײערקע דער גאזלענ האָט זיכ א צופּ געטאָנ צו אימ, א נעמ געטאָנ אימ פאר די אקסלענ, א שלײַדער געטאָנ אפּ דער ערד אונ אויסגעשריִענ:

דיענגי דאַ־א־װאַי־אי!

שאָלעמ האָט זיכ קלוימערשט קוימ אופגעהויבנ פונ דער ערד אונ האָט זיכ אװעקגעשטעלט. מײערקע האָט זיכ װידער א צופּ געטאָנ צו אימ אונ שאָלעמ האָ זיכ צעװײנט אונ געבעטנ:

— נא דיר אָפּ די שיכ מיט די שקראבעס
אונ לאָז מיר גײנ אהײמ אפּ שאבעס.

מײערקע האָט גענומענ האסטיק פּאָכנ מיטנ שװערד אונ געריבנ דעמ שאר זײַנעמ אָנ דעמ שטעקנ.

— די שיכ מיט די שקראבעס טו איכ ניט באדארפנ,
נאָר איכ טו דעמ כאלעפּל שארפנ.

שאָלעמ האָט זיכ װידער געבעטנ:

— נא דיר אָפּ די העמד פונ מײַנ לײַב
אונ לאָז מיר גײנ אהײמ צו מײַנ װײַב.

מײערקע קלאפּט װידער מיטנ מעסער איבערנ שטעקנ:

— די העמד פונ דײַנ לײַב טו איכ ניט באדארפנ,
נאָר איכ טו דעמ כאלעפּל שארפנ.

אונ נאָכ בײדנס רעפּליקעס זינגענ די קינדער אויס:

אוי־אוי־אוי־אוי־אוי־אוי.

די קרעמערקעס זײַנען געשטאנען פארגאפטע ארום די שוישפּילער, און מײַערקע האָט זיך אלץ מיטן גרעסטן צאָרן געשטויסן זיך און געוואָרפן זיך אף שאָלעמען, ביז ער האָט אים ענדלעך א שלײַדער געטאָן אָן דער ערד. כאיע עסטער האָט זיך א דערשראָקענע צעשריען:

— אוי, ווי, גאזלען! ער האָט מיר אוועקגעהארגעט דאָס יינגל!

שאָלעם האָט זיך געשווינד אוועקגעשטעלט, ארויסגעוואָרפן דעם האָרב פון פלײצע. שאָלעם און אלע איבעריקע קינדער האָבן זיך צעלאכט.

דער קאָבזאר, וואָס איז געשטאנען פון דער ווײַטן און האָט זיך צוגעקוקט צו דער קינדער־שפּיל, איז צוגעגאנגען צו די קרעמערקעס און האָט מיט א טאָן פון באדויערן געזאָגט:

— אָט ווען איך האָב אזוינע יינגלעך, וואָלטן גאנצע יארידן בא מיר געוויינט און געלאכט.

די וועגן פון ביידע כאווײרים האָבן זיך שפּעטער צעשיידט. ביידע זײַנען אוועק ווײַט איינער פון דעם אנדערן אין צוויי קעגנזעצלעכע וועגן פון דער קונסט. מײַערקע איז שפּעטער געוואָרן מיכאיל יעפימאָוויטש מעדוועדיעוו — דער בארימטער אקטיאָר פון דער קײזערלעכער אָפּערע אין סאנקט־פּעטערבורג. שאָלעם — דער גרויסער יידישער הומאָריסט שאָלעם־אלײכעם.

ביידע האָבן זיי זייער לעבן און טעטיקײַט געווידמעט אף מאכן ווײנענדיק און לאכנדיק.

דער ערשטער — מעדוועדיעוו — האָט געמאכט ווײנענדיק די זעלבסטצופרידענע צארישע סאנאָווניקעס אין צארישן רוסלאנד.

דער צווייטער — שאָלעם־אלײכעם — האָט געמאכט לאכנדיק די שטענדיק באטריבענע, פארינאָגטע און פארוויינטע מיליאָנען פאָלקס־מאסן אין צארישן רוסלאנד און אין די קאפּיטאליסטישע לענדער.

---

## ס. אײדלין

* * *

פרײד!
דו שפּילסט אפ גרינע צװײַגנ,
װעלכע האלטנ זיכ אינ נויגנ,
װאָס זשע װילסטו הײַנט פארבײַגײנ
דעם פארדראָס אינ מײַנע אויגנ?

הינטער פענצטער װיפל לעבנ,
װיפל ליכטיקע געזיכטער.
װער װעט זעצנ זיכ דערנעבנ
אפ א שפּאס טאָנ מיט א דיכטער?

כאװער מײַנער!
װעסט ניט קומענ...
סארא שאָד און סארא װײטעק.
גראד דעמ איצטערדיקנ זומער
ביסט מיר מער װי שטענדיק נײטיק!

ס'איז פארדראָסיק
ס'איז פארדראָסיק,
װײַל
דער הארבסט װעט זײַנ אפריִער
דאָס איז קענטיק נאָכ די עפּל,
װײַל
די לעצטע אינדערפריִענ
מיכ באגעגענע מיט נעפּל,
װײַל
דער יונ, װאָס גײט אריבער
האָט דערמאָנט מיר ראָזע קװײטנ...
װײַל
די ליפּנ פונ מײַנ ליבער
האָבנ הײַנט געקושט א צװײטנ...

---

עליע קאַהאַנ

# א לערערנ

נאָכ זײַנענדיק אינ „דאָרפ“ האָט זיכ באַמע גרונטפעסט אויסגעלערנט שוסטערײַ. נאָכ דאָרטנ, בא דער אַרבעט, האָט ער געכומענ טרוימענ וועגנ לעבנ אַנדערש. טאַקע אַרבעטנדיק איז אימ אײַנגעפאַלנ אָט דער טרוימערישער געדאַנק. אַזוי איז עס. שלאָפנדיק קומענ די כאַלוימעס, אונ אַרבעטנדיק קומענ די געדאַנקענ. ס׳פּאַסט, דאָס זאָל האָבנ געזאָגט אַנ אַלט־גריכישער פילאָסאָפ.

אונ פּערנ באַפרײַענ אימ, געדענקט ער, אַז ניקיפאָראָוו דער נאַטשאַלניק האָט אימ געזאָגט: אַלע יועגנ זײַנענ פאַר דיר אָפנ. וווּהינ ס׳וועט נאָר פאַלנ דײַנ בליק, אַהינ קאָנסטו שטעלנ דײַנ טראָט. אַרבעט. רו. פרײ זיכ. פאַרליב זיכ.

איז ער אָנגעקומענ אַפ דער שוכ־פאַבריק אונ געאַרבעט אונ אינ די אַנקעטעס אַפ דער פראַגע „מיט וואָס האָט איר זיכ אַמאָל פאַרנומענ“, פלעגט ער אָנ קיינשום מיידלשער שעמעוודיקײַט שרײַבנ: „א גאַנעוו“. פאַראַנ אַזאַ לידל: „ניטאָ זיכ וואָס שעמענ מיט אייגענע בלוט“.

א מענטש, וואָס איז פריִער געווענ א גאַנעוו—אונ דערנאָכ געוואָרנ אַנ ערלעכער אַרבעטער—איז א געוױנס. דער קולט־טוער פונ פאַבריק האָט גלײַכ געזאָגט, אַז מע דאַרפ „אַרומרינגלענ אימ מיט ליבע אונ שאַפנ פאַר אימ אַנ אַטמאָספער“. מע האָט אימ אַרומגערינגלט מיט ליבע אונ געשאַפנ פאַר אימ אַנ אַטמאָספער. מע האָט אימ געגעבנ אַפילע א לערערקע אַפ אַהיימ—מירע מערליס—די קאַסירערנ פונ קאָנטאָר אונ זי איז דאָס שענסטע מיידל אַפנ פאַבריק—אַפ א דעמאָנסטראַציע שטעלט מענ זי אַרײַנ אינעמ גרויסנ צייכנ „ג. ט. אָ.“—וועלכנ מע פירט אַפ א לאַסט־אויטאָמאָביל—אונ מע דעמאָנסטרירט זי פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג אינ דער פיזקולטורנער פּאָזע—אונ זי ספראַוועט זיכ גאַנצ גוט מיט דער דאָזיקער אָנלאָדונג.

וואָס נאָכ זײַנענ די סימאָנימ פונ א שיינ מיידל אַפ דער שוכ־פאַבריק? זי ווערט אויסגעטיילט אַפ אײַנגאָרדענע טענצ אינ אונטערשעפ־פּאָלק, דער פּאָסטאָ־קרײַז מאַכט פונ איר עטיודנ, זי קלײַבט פראָפאַריינישנ מיטגליד־אָפּצאָל. ווער וועט עס גיינ פאַרגעסנ צאָלנ איר מיטגליד־אָפּצאָל? זי איז אינ דער קאָמיסיע אַפ מיטהעלפנ די יאַסליעס—וואָרעמ די נאַטור האָט באַוויזנ, אַז קליינע קינדער האָבנ אויכ ליב, ווענ אַפ זיי גיבנ אַכטונג שיינע מיידלעכ.

אסאכ אָנ־אָדונגענ האָט זי געהאַט—אונ דאָכ האָט זי שטענדיק אויסגעזענ פריילעכ אונ זאָרגלאָז אונ יאָנטעוודיק. א קוקטאָנדיק אפ איר, דוכט זיכ, אז מאָרגנ איז אנ אָפרו־טאָג, אז מאָרגנ וועט מענ געבנ פרעמיעס.

אונ צו דעם אלעמענ נאָכ אנ אָנלאָדונג—זי לערנט מיט באמע גרונטפעסטנ. פאר איינ טאָג האָט ער זיכ אויסגעלערנט די גאנצע אזבוקע. פארנ צווייטנ טאָג אלע פיר אקטנ פונ אריפמעטיק. פארנ דריטנ טאָג א האלבע גראמאטיק מיט א ביסל געאָגראפיע. אזעלכע טעמפּנ זײַנענ נאָכ ניט געהערט געוואָרנ אינ דער וועלט, אונ מירע מערליס האָט גענומענ קוקנ אפ אים, ווי אפ א געוועזענעם גאָט, ווי אפ א געני, ווי אפ א יאַמ־לייב, וואָס זשאָנגלירט בעסער פאר א צירקאטש.

פארשטייט זיכ, אז בא באמע גרונטפעסטנ איז דאָס געווענ א רעצידיוו פונ זײַנע אמאָליקע שפיצלעכ.

ער האָט אמאָל קימאט געענדיקט א זיבנקלאַסיקע שול אונ האָט אלצ געקאָנט פונ פריִער. ארויסגעבנדיק זיכ פאר אנ אלפאבעט אונ באהערשנדיק אזוי שנעל די היכנ פונ דער ווינסנשאפט, האָט ער געוווסט, אז דאָס וועט אים ארויסשטעלנ אינ א גינסטיקער שײַנ פאר די אויגנ פונ זײַנ פילכענעוודיקער לערערנ. די לערערנ האָט איינמאָל געבראכט א גאנצע עקסקורסיע מיידלעכ אפ ווײַזנ זיי, וואָס פארא וונדער־באָכער איר שילער איז. די מיידלעכ האָבנ אים באטראכט אונ זײַנענ, קאָנ מענ זאָגנ, געווענ אנטציקט. באמע האָט דאנ פארגליכנ די לערערנ מיט אלע מיידלעכ, אונ האָט שנעל אײַנגעפונענ, אז די לערערנ שטייט, פארשטייט זיכ, פונ זיי אפ א קאָפּ העכער אינ היִנזיכט פונ שיינקייַט.

אזוי האָט אים באהערשט די ליבע, וועלכע איז דעמלט געקומענ צו אים אינ איר ריינסטער, איידלסטער, ראָמאנטישסטער, יוגנטלעכער פאָרם. די פארגאנגענהײַט פונ באמע גרונטפעסטנ גיט אָנצוהערנ, אז ער האָט געוויס באגעגנט אפ זײַנ לעבנסוועג געוויסע פרויענ. אָבער אָנ ליבע. ליבע איז פאר באגײַסטערטע הערצער אונ פאר ערלעכע לײַט.

אונ אינ א פאָר טעג ארום האָט ער צו איר געזאָגט: מירע, זאָל איכ אזוי געזונט זײַנ אונ זאָלסטו אזוי געזונט זײַנ, ווי איכ האָב דיכ ליב. שווערנ זיכ, מיינ איכ, איז ניטאָ וואָס. כ'האָב דורכגעלייענט א פאָר ביכלעכ, ווייס איכ, אז מע קענ זיכ אויסדריקנ וועגנ דעם אסאכ שענער, נאָר דו ווייסט דאָכ, אז אפילע אפ פארזאמלונגענ קענ איכ ניט ארויסטרעטנ, ווײַל איכ ווייס קיינמאָל ניט, וועלכנ וואָרט איכ דארפ זאָגנ אפריִער. איכ דארפ זיכ נאָכ אביסל לערנענ. ס'וואָלט ניט געשאט, ווענ מיר גייענ איבער אביסל אפ געשיכטע. איכ האָב ליב צו הערנ וועגנ אלעקסאנדערנ פונ מאקעדאָניע. וועגנ אים זאָגט מענ דאָס, אז ער האָט קיינ שטולנ ניט געבראָכנ... כאפט עס דער שווארציאָר! דו געדענקסט, וועגנ וואָס איכ האָב אָנגעהויבנ, צי ניט?

אונ ער האָט זי א הויב געטאָנ ווי א קינד אונ צעקושט זי ווי א טאטע. ווערנ זיכ האָט זי ניט געקענט, אָבער איר איז גרײַלעכ ניט געפעלנ געוואָרנ אזא פראָזאִישע ליבע־דערקלערונג אונ אזא אומצערעמאָניעלע באהאנדלונג. אונ אפ מאָרגנ איז זי שוינ אפ דער לעקציע געקומענ צוזאמענ מיט א כאווערטע. אזא סאָרט סאנקציע האָט זי אָנגענומענ קעגנ אים.

איר ווייסט גאנצ גוט, ווי אזוי זעט אויס די נאָענטסטע כאווערטע פונ א שיינ

מײדל. װיסנדיק דעם גערעצ פונ פאראלעליזם, קלײַבנ זיכ געװײנלעכ אױס שײנע מײדלעכ מיִעסע כאװערטעס. אונ מיִעסע מײדלעכ האָבנ גאנצ אָפט גוטע כאראקטערס. אונ זײ זײַנעו איבערגעגעבנ. אונ זײ טראכטנ װעגנ זיכ: איכ בינ ניט שײנ, דערפאר בינ איכ אָבער זײער סימפאטיש. אונ זײ, די איבערגעגעבענע, פארשפרײטנ דאָס די קלאנגענ, אז שײנע מײדלעכ זײַנענ נארישע.

צילע הײסט זי, די דאָזיקע כאװערטע.

די לערערנ מיטנ שילער האָבנ געלערנט אונ די צילע לײענט דערװײַל א ביכל. פארװאָס קומענ זײ זאלבאצװײטס? פונ הײַנט אָנ האָבנ זײ צוזאמענ א קרײַז פונ פוכאָ אינ זשאקט—פונקט נאָכ דער לעקציע.

מיִעסע מײדלעכ װארטנ ניט ביז דער באָכער גיט א קוק אפ זײ. באמע האָט פרינציפיעל ניט געװאָלט קוקנ אינ איר זײַט. נאָר די דאָזיקע צילע קוקט גראדע אפ אים. א גאנצ שײנער יאט, װאָס טראָגט ער עפעס א קינדערשע גריװקע? נײנ, עס קלײדט צו אים. סארא רײנינקע אײגעלעכ זײַנענ בא אים, פונקט װי גאָרניט קײנ געניצטע. װענצעלעכ—דוגלאס פערבענקס. ביפראָסטער א פײַנער יאט!

מיִעסע מײדלעכ פארליבנ זיכ גיכער װי שײנע. דאָס איז גראָדע ריכטיק, אונ פאר דעם טראָגט דער אװטאָר די פאראנטװאָרטלעכקײַט.

באמענ איז געװענ גאנצ אָנגענעם באגעגענענ זיכ מיט מירענ—אָבער ניט קאָנענ מיט איר אױסרײדנ א װאָרט—צוליב אָט דעם דריטנ צאד—צוליב צילענ, דאָס איז שױנ א פײַנ אונ דאָס װירקט שױנ אפ די נערװנ אונ מע דארפ פונ דעם פאָרנ אינ סאָטשי, צי אינ גאגרי אָדער ערגעצ אנדערש. דער געזונט איז טײַערער.

דאנ האָט ער אײנמאָל אינ אַ אָװנט קאטעגאָריש דערקלערט: גענוג. איכ קענ שױנ. מער לערנ איכ זיכ ניט. איכ בינ זײער דאנקבאר, אנטשולדיקט.

אזױ האָט זיכ עס געענדיקט. נאָר א ליבע ענדיקט זיכ ניט אזױ שנעל. א ליבע איז א לאנגזאם פײַערל א. א. װ. זײער גוט, װאָס דער איצטיקער לעזער פאָדערט ניט מע זאָל אים אלצ צעקײַענ אונ ארײַנלײגנ אינ מױל. ליבע איז א פארשפרײטע דערשײַנונג אונ אלע װײסנ אירע עלעמענטארע קלאָלים.

ביז דאָס לאנגזאם פײַערל איז געװאָרנ א פלאקער, ביז באמע האָט גענומענ פילנ, אז אָנ איר איז דער לעבנ ניט קײנ הונדערטפראָצענטיקער, ביז ס'איז ניט געקומענ, פארשטײט זיכ, דער פרילינג אונ אים האָט זיכ גענומענ דוכטנ, אז גאנצע אילומינאציעס ברענענ בא אים אינ הארצנ אונ פײַערװערק. האקלאָל, עס ברענט, ליבע פרײַנט.

באמע גרונטפעסט איז שטענדיק געגאנגענ גראָדליניק צו זײַנ ציל. ער האָט זיכ דערװוסט מירעס אדרעס. אונ געקומענ צו איר, אפ איר װױנונג־שטעכ אונ האָט א קוק געטאָנ הינטערנ אלמער, זעט ער, עס שטײט א גרינער טשעמאָדאנטשיק. ניט אױסרײדנדיק קײנ װאָרט אונ ניט געבנדיק קײנ פיפס, האָט ער גענומענ איר טשעמאָדאנטשיק אונ געלאָזנ זיכ צו דער טיר. זי האָט אלצ ניט באגריפנ די װירקלעכקײַט אונ די געשאפענע סיטואציע, האָט זי געפרעגט גאנצ נאיִװ, מיטנ זעלבנ קאָל, װי זי רעדט צו די קינדער אינ יאסליע:

— װאָס נעמט איר עפעס מײַנ טשעמאָדאנטשיק, ער טשעפעט אײַכ?

אפ דעם האָט ער געענטפערט גאנצ איינדײַטיק:

— שוינ צײַט איר זאָלט בײַטנ אײַער דירע אונ אײַער פאמיליע.

דאנ האָט זי שוינ באגריפנ די ווירקלעכקײַט אונ די סיטואציע אונ האָט א געשריי געטאָנ:

— איכל רופנ א מיליציאָנער!

נאָר זײַנ אויער האָט עס שוינ ניט אופגעכאפט, וואָרעם ער האָט שוינ געטראָטנ אינ דער ווײַט ארײַנ. אונ אז ער איז אוועק, האָט זי זיכ פאנאנדערגעוויינט, וואָרעם ס'איז זייער פארדראָסיק, אונ ס'איז גלאט נאכאלנע, אונ ס'פעלנ גלאט אויסווערטער אפ קוואליפיצירנ דאָס. אונ ווער האָט עס אזוי כאסענע? בא וועמענ נעמט מענ עס צו דעם טשעמאָדאנטשיק מיט גוואלד? אזוי, מיינט איר, ליבט מענ? צו דעם, טראכט איר, שטרעבט מענ?

אפ מאָרגנ האָט זי זיכ ניט געגריסט מיט אים. ער האָט איר דערלאנגט א האנט, אונ די האנט איז געבליבנ הענגענ אינדערלופט. ווי א האק אינ געדיכטער לופט, אזוי איז געבליבנ הענגענ די האנט. מיר האָבנ עס אלע, איינמאָל, ווייניקסטנ אינ לעבנ דורכגעלעבט. מיר ווייסנ, אז דאָס איז א שווערע איבערלעבונג.

אונ אפ איבערמאָרגנ איז ער געקומענ צו איר אינ קאָנטאָר באקומענ געהאלט, פופצנטע. זי האָט אים אויסגעצאָלט מערער פונ אלעמענ, מער פונ אלעמענ האָט ער אויסגעארבעט פאר די דאָזיקע צוויי וואָכנ. ארום אים זײַנענ געשטאנענ אסאכ אלטע ארבעטער אונ געקוקט אפ אים מיט קאָוועד, אונ אפילע מיט ליבע, אונ גאָר אָנ קינע. אונ ער האָט צוגענומענ דאָס געלט מיט גאָר אנ אומעטיקנ פּאָנעם. אונ א קוקסאָנדיק אפ די פּנעמער פונ אלע ארבעטער, האָט זי אויכ געמוזט א שמייכל טאָנ צו אים. מע קאָנ ניט גיינ קעגנ קאָלעקטיוו. אונ איכ בינ זיכער, אז ס'וועט זיכ ניט געפינענ קיינ איינ לעזער, וואָס וועט מיינענ, אז דאָס איז צוליב דעם גרויסנ הויפנ געלט. א האָר ניט. אויב אלטע ארבעטער קוקנ אפ אים מיט קאָוועד, מעג עס טאָנ אויכ א יונגע, כאָטש אביסל באליידיקטע קאסירערנ. אוועק דער קאעס. ס'איז געבליבנ אָבער פאָרט אביסל פארדראָס. בא וועמענ נעמט מענ עס צו דעם טשעמאָדאנטשיק מיט גוואלד. אזוי, מיינט איר, ליבט מענ זיכ? צו דעם, טראכט איר, שטרעבט מענ?

אהינ, אהער. פארדראָסיק. ס'זײַנענ אָבער דורכ זעקס טעג, אונ, אנטשולדיקט, די גאנצענע וועש ליגט אינ טשעמאָדאנטשיק. מע מוז פארבייגנ די אייגנליבע, מע מוז זיכ אליינ דערנידעריקנ אונ צוגיינ צו אים אָפּנעמענ דעם טשעמאָדאנטשיק. פארשטייט זיכ, אז אינ לעבנ טרעפנ קאָמפּליצירטע לאגעס, אז ניט, וואָלט דאָכ דאָס הארצ געקלאפט איינארטיק, ווי א זייגער. א הארצ איז ניט קיינ זייגער. א הארצ איז א פויק. דאָס דארפ קלאפנ אפ פארשיידענע אויפאנים.

זי האָט גענומענ מיט זיכ די כאווערטע ציליע, די כאווערטע ציליע ווייס פונ אלצ. א מיידל מוז האָבנ א קופערט פאר אירע איבערלעבונגענ. דאָס איז א כאווערטע. ציליע האָט געזאָגט, אז מע דארפ אים אויסזידלענ, מע דארפ אים געבנ צו פארשטיינ, אז אזוי ווערט ניט געטאָנ, ס'איז ביזוינעס. ווענג כאפנ טשעמאָדאנטשיקעס זײַנענ נאָכ קיינ אידיליעס ניט געשריבנ געוואָרנ. ער דארפ זיכ נאָכ איבערקאָכנ, אָט דער מענטש, וואָס האָט אמאָל...

— דאָס, וואָס איז אמאָל געווענ, איז אהער ניט שייַכ—האָט געזאָגט מירע אפילע אינ דער הייסטער מינוט פונ איר אופרעגונג.

זיי האָבנ אים געטראָפנ באַם טיש, אונ דער גאנצער טיש, פונ מיזרעכ אפ מייַרעוו, אונ פונ צאָפנ אפ דאָרעמ איז געווענ פארשאָטנ מיט שאָלעכצ פונ יאָדערלעכ, אזויפיל שאָלעכצ, אז ס'איז קאָנטיק געווענ, אז דער דאָזיקער מענטש האָט דאָ אווטאָמאטיש געקייַט אינ מעשעכ פונ א היפשנ צייַט־אָפשניט, א שאָ זעקס אָדער זיבנ. אפ זייַנ אמאָל פריילעכנ פאָנעמ איז געהאנגענ אזא שווארצער וואָלקנ, אז ס'האָט זיכ געדוכט, אז באלד וועט א רעגנ נעמענ שפריצנ פונ זייַנע ציכטיקע אויגנ.

אונ ער האָט געזאָגט זייער אומעטיק, ווי א מינוט פארנ טויט:

— דו שטעלסט זיכ פאָר, מירע, צו וואָס א מענטש איז דערגאנגענ, אז ער זיצט קנאפע זיבנ שאָ איינער אליינ אונ קייַט יאָדערלעכ...

עפעס האָט אזוי הויכ אונ אומגעוויינלעכ אָפגעקלונגענ אָט די פראזע, אז מירע האָט באשטימט בא זיכ, אז ס'איז טאקע א שרעקלעכע זאכ בייס מע טרעפט א מענטשנ איינינקנ אליינ, אונ ער עסט, ניט פאר קיינעמ געדאכט, יאָדערלעכ. אזא שטיינ-עלנטקייַט, אזא גוואלדיקע איינזאמקייַט, אזא וויסטע אויסגעליידיקטקייַט, אזא טראגישע פארלאָרנקייַט!

זי האָט א טראכט געטאָנ:

דער דאָזיקער מענטש איז געווענ אזא פריילעכער, אונ דער פייַער פונ ליבע האָט אים אזוי פארברענט... ער זיצט, נעבעכ, איינער אליינ אונ עסט יאָדערלעכ... ווי שטארק ער האָט ליב! סארא שטארקע געפילנ! סארא איבערלעבונגענ! סארא כאראקטער! סארא טעמפעראמענט! סארא שטיק פייַער! סארא פלאמ!

פאראנ מיינונגענ, וואָס מיינענ, אז ליבע איז ווי א וואסערל, וואָס עסט ביסלעכווייַז דעמ שטיינ ביז ער צעפאלט. דערלויבט דערווידערנ. ליבע צינדט זיכ אָפט אָנ מיטאמאָל. איר האָט געזענ ווי מע פאָטאָגראפירט, ווי מע צינדט אָנ מאגני? אזוי פלוצים אונ העל צינדט זיכ אָפט די ליבע, נאָר זי פארלעשט זיכ ניט אזוי גיכ.

דעריבער האָט מירע אנטשלאָסנ געזאָגט:

— דער טשעמאָדאנטשיק בלייַבט דאָ!

אונ ער האָט איר צומ צווייטנ מאָל אייַנגעשלאָסנ אינ זייַנע אָרעמס.

זייַענדיק אזוי פארקלאמערט אינ די הענט פונ איר ליבנ, האָט זי א קוק געטאָנ אפ איר כאווערטע צילי. דער כאווערטע צילי'ס אויגנ האָבנ געברענט, געסארפעט. די כאווערטע צילי האָט אפ זיי געקוקט, ווי אפ מעשוגאָיִמ. זי איז געקומענ אהער מיט איר כאווערטע מירע אויסזידלענ א נאכאל, א טשעמאָדאנטשיקס־כאפער, ערשט פלוצים, מיצקע־דרינענ קושנ זיי זיכ אונ די כאסענע איז פארטיק. וואָס איז עס פאר א קאָמעדיע? אונ ווו איז יושער אפ דער וועלט? פארוואָס איז מענ אזוי פאלש? מירע ווייס דאָכ, אז זי איז ניט גאָר גלייַכגילטיק צו באמענ, רופט זי איר מיט זיכ, קלוימערשט אויסזידלענ אימ, אונ מע שטעלט זיכ גאָר אוועק האלובענ זיכ פאר איר אינ די אויגנ. פאלשקייט. שעקער. אוי, ניט אויסצוהאלטנ!

ס'ברענט אינ איר אונ עס קאָכט. עס זידט אונ עס באקט זיכ.

אונ א קוקטאָנדיק אפ צילי'ען, גיט זיכ מירע א כאפ, אז ס'איז עפעס מאָדנע,

וואָס מע איז געגאנגענ זידלענ זיכ אונ אָט קושט מענ זיכ. אונ דערפונ קענ זי גאָר פארלירנ איר בעסטע כאוורטע.

אונ זי גליטשט זיכ ארויס פונ באמעס הענט. אונ זי גיט א קוק אפ באמענ:

— סארא ליבער פּאָנעמ! סארא טיפע ליבע!

זי גיט א קוק אפ דער כאוורטע.

— ווי איכ האָב זי באליידיקט, איכ פארליר א כאוורטע,—אונ ווי א הוידלקע וואָלט זיכ גענומענ וויגנ בא איר אינ קאָפּ: אָט גיט זיכ א הויב באמע, אָט די כאַ־ווערטע, באמע, די כאוורטע, באמע, די כאוורטע!

זי האָט הילפלאָז א קוק געטאָנ אפ באמענ, אונ געזאָגט גאָר ניט אנטשלאָסנ, געמאטערט האָט זי געזאָגט:

— עפּעס ווייס איכ ניט... עפּעס מאָדנע... עפּעס, ווייס איכ ניט... עפּעס מאָדנע.

דאנ האָט ער, אָט דער באמע, א קוק געטאָנ אינ אירע אויגנ אריַינ, מיט ליבע אונ מיט שיַינ פונ דער ליבע, אונ אים איז איַינגעפאלנ אינ קאָפּ צו זאָגנ אָט פּונקט די ווערטער, וואָס קיינע אנדערע ווערטער אינ דער וועלט וואָלטנ זיי ניט געקאָנט פארביַיטנ אינ דעם פאל.

... ווייסט איר, וואָס ער האָט געזאָגט?

ער האָט איר קוקנדיק טיפ אינ די אויגנ געזאָגט:

— קליינבירגערלעכע וואקלונגענ.

אונ מירע האָט זיכ גליַיכ געכאפּט, אז דאָס זיַינענ טאקע וואקלונגענ! אנטשלאָסנ דארפ מענ זיַינ! אופריכטיק דארפ מענ זיַינ! איכ האָב אימ ליב, איז ניטאָ וואָס צו דרייענ זיכ אפּנ קאָרעק, אונ ציליענ האָט ער ניט ליב. אפ ציליענ איז אביסל א ראכמאָנעס, נאָר וואָס קענ מענ העלפנ!

— גוט—האָט זי אנטשלאָסנ געזאָגט. אונ ער האָט זי צום דריטנ מאָל איַינגע־שלאָסנ אינ זיַינע אָרעמס.

אונ דערנאָכ האָבנ זיי ביידע ארומגענומענ ציליענ. זי האָט א קוק געטאָנ אינ באמעס קלאָרע אויגנ אונ איר איז, פארקערט, סלאָר געווענ, אז אָנשטאָט איינ פריַינט, וועט זי פונ איצטער אָנ האָבנ צוויי.

דער אָוונט איז געווענ א ליכטיקער אונ א שיינער. אפ א פארוואָרפענעם הויפ איז נאָכ ערגעץ געלעגנ א הורבע שניי, איז עס אויכ צעגאנגענ, פייגעלעכ האָבנ געזונגענ. שטערנ זיַינענ געפאלנ. קנאָספּנ האָבנ זיכ געעפנט.

---

י. דאָברושינ

# וועגנ שאָלעמ-אלייכעמס „בלאָנזענדע שטערנ"

1

די יאָרנ 1906־1907 האָט שאָלעמ־אלייכעמ פארבראַכט אינ אמעריקע—אינ ניו-יאָרק, וווּהינ ער איז אָנגעקומענ נאָכדעמ, ווי ער האָט געמאַכט א לענגערע רײַזע איבער די שטעט פונ רומעניע אונ גאליציע, פארברענגענדיק א שטיק צײַט אויכ אינ לאָנ־דאָנ. די דערפארונג פונ דער דאָזיקער נעסיִע, די באקאנטשאפט מיט די אלע שטעט אונ לענדער האָט שאָלעמ־אלייכעמ אויסגענוצט פאר זײַנ גרויסנ ראָמאנ „בלאָנזענדע שטערנ", וועלכנ ער האָט אָנגעהויבנ דרוקנ אינ 1909 יאָר אינ „דער נײַער וועלט" אינ ווארשע אונ אינעמ אמעריקאנער „מאָרגנ־זשורנאל".

אינ שאָלעמ־אלייכעמס ראָמאנ „בלאָנזענדע שטערנ" באווונדערט פריִער פאר אלצ דאָס פילזעעודיק קינסטלערישע אויג אונ די אויסערגעוויינלעכע קינסטלערישע אופא־סונג פונעמ גרויסנ שרײַבער, וואָס האָט אימ געגעבנ א מעגלעכקײַט ארײַנצולייגנ אינ בוכ א שעפע אײַנדריקנ, ארויסווײַזנ אזא טיפע אונ ברייטע באקאנטשאפט מיטנ לעבנ פונ פארשיידענע יידישע שיכטנ אונ שטאנדנ אינ די באשריבענע שטעט אונ לענדער. שאָלעמ־אלייכעמס שאפונג איז ביכלאל א וווּנדערבאר־אויספירלעכע, א פוס־טריט גייענדיקע אָפשפיגלונג פונעמ לעבנ פונ די יידישע פאָלקס־מאסנ אינעמ גע־וועזענעמ רוסלאנד אינ פארלויפ פונ העכער דרײַסיק יאָר. אונ אינ די דערציילונגענ אונ שילדערונגענ, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט אינעמ לעצטנ יאָרצענדליק פונ זײַנ לעבנ געווידמעט די יידנ פונעמ דעמלטיקנ אויסלאנד, איז אויכ צו זענ, ווי דער גרויסער פאָלקס־שרײַבער האָט פארשטאנענ דורכצומאכנ דעמ וועג מיט די עמיגרירנ־דיקע דאנ גרויסע פאָלקס־מאסנ, פארשטאנענ ארײַנצודרינגענ אינ די דאָזיקע וואנד־לונגענ, אופצונעמענ די ענדערונגענ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אינ זייער לעבנ אונ געזעלשאפטלעכקײַט, די ענדערונגענ, וואָס ער האָט אפ זײַנ גרויסמײַסטערישנ אויפנ שילדעריש פארקריצט אינ פיל פונ זײַנע דערציילונגענ אונ מאָנאָלאָגנ. די דאָזיקע וואנדלונגענ אונ ענדערונגענ האָט ער אויכ געווידמעט איינעמ פונ זײַנע שענסטע ראָמאנענ „די בלאָנזענדע שטערנ".

די יידישע אקטיאָרנ, וואָס זיי האָט שאָלעמ־אלייכעמ געווידמעט איצט זײַנ ראָמאנ, זײַנענ געווענ וואנדערער צווישנ וואנדערער. איינער פונ די מאָטיוונ, וואָס האָט געצויגנ שאָלעמ־אלייכעמענ צו דער דאָזיקער טעמע, איז טאקע, צו גלויבנ, די

דאָזיקע אייגנשאַפט פון זײַנע אַרטיסטישע פּערסאָנאַזשן, די וואַנדער־אייגנשאַפט, וואָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקײַט פּאַנאַנדערצוּוויקלען אַ גרויסן לײַוונט, אַ קינסטלערישע פּאַנאָראַם, דורכפירן פאַר די אויגן שטעט און לענדער און באַווײַזן אַנשוילעך דעם וועג פון די ייִדישע מאַסן, זייערע לעבנס־עטאַפּן אַפן אויסוואַנדער־רונגס־וועג קיין ניו־יאָרק, קיין אַמעריקע, אינעם לאַנד פונעם קלוימערשט פרײַען און גליקלעכן אויסקומעניש.

אין זײַנעם אַ בריוו צו די רעדאַקטאָרן פון „דער נײַער וועלט" אין יאָר 1909 (שאָלעם־אַליכעם־בוך, זײַט 232) האָט שאָלעם־אַליכעם פאַרצייכנט די מאָטיוון, וואָס האָבן אַרויסגערופן צום לעבן זײַן ראָמאַן „בלאָנזשענדע שטערן". ערשטנס, רעדט זיך אינעם דאָזיקן בריוו וועגן דעם קאַמף מיטן שאָמעריזם, קאַמף, הייסט עס, מיט דער שונד־ליטעראַטור, וואָס שאָלעם־אַליכעם איז אויסן געווען אויפצוהייבן נאָכאַמאָל איצט, ווען די שאָמער־ראָמאַנען האָבן פאַרפלייצט די ייִדישע בירגערלעכע פּרעסע. דאָס איז, ערשטנס. און צווייטנס, שרײַבט שאָלעם־אַליכעם: „האָב איך אַליין געפילט אַ נויטווענדיקײַט צו פאַרענדיקן מײַן טרילאָגיע מיטן דריטן ראָמאַן נאָך „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", ווי איך האָט עס אַמאָל פאַרשפּראָכן (מיר שײַנט, אין דער האַקדאָמע צו „יאָסעלע סאָלאָוויי"). דאָרט האָב איך געהאַט געזאָגט, אַז מײַן דריטער העלד וועט שוין זײַן ניט קיין קלעזמער און ניט קיין כאַזן, נאָר אַ העכערער מין, אַ איידעלערע נעשאָמע—אַן אַרטיסט אָדער אַ קינסטלער. נאַטירלעך, האָבן זיך די אומשטענדן אין די צוויי און צוואַנציק יאָר שטאַרק געענדערט. עס זײַנען אויסגע־וואַקסן אויך נײַע אידייען, צוגעקומען נײַע געטער, געבוירן געוואָרן נײַע טיפּן".

איז אָט. ס'דאַכט שוין, אַז די צוויי מאָטיוון, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט דאָ אויס־געשטעלט, האָבן זייער איקער־גרונט אין שאָלעם־אַליכעמס לעצטע שורעס וועגן די געענדערטע אומשטענדן און אויסגעוואַקסענע נײַע אידייען. אָט ווו מע דאַרף זוכן די גרונט־וואָרצלען, די גרונט־סיבעס, וואָס האָבן געטריבן שאָלעם־אַליכעמען אומקערן זיך סײַ צום קאַמף מיטן שונד־ראָמאַן, סײַ פאָרצוזעצן די ליניע פון די אַרטיסטישע נאַטורן, די ליניע פון „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי". ס'האַנדלט זיך וועגן דעם עמיגראַציע־שטראָם, וואָס איז אַנטשטאַנען בײַ די ייִדישע פאָלקס־מאַסן נאָך דער דורכגעפאַלענער ערשטער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. ס'האַנדלט זיך וועגן דער דאָזיקער נײַער ווענדונג אין דער לעבנס־געשיכטע פונעם ייִדישן קליינ־בירגערלעכן און האָרעפּאַשנעם מאַסיוו, נאָך וועלכן שאָלעם־אַליכעם האָט אַזוי טרײַ און קינסטלעריש־זאָרגעוודיק נאָכגעפאָלגט, פאַרבינדנדיק אפילו מיט דער דאָ־זיקער ווענדונג דעם גוירל פון די צוויי הויפּט־העלדן פון זײַנע שענסטע צוויי ביכער „מענאַכעם־מענדל" און „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס". דיביידע פירט דאָך שאָלעם־אַליכעם אַוועק מיטן אויסוואַנדערונגס־שטראָם קיין אַמעריקע, קיין ניו־יאָרק.

דער גרויסער שילדערער פונעם ייִדישן לעבנס־שטייגער אינעם צאַרישן „טכום" האָט פון די יאָרן 1907 און ווײַטער אַלץ אָפטער אָנגעהויבן טיילן זײַן פּען צווישן זײַן אַלטער היימישער קאַסרילעווקע מיט די פאַרשווינען, אָפטמאָל אַפילע מיט די אייגענע קאַסרילעווקער פאַרשווינען, וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט און זײַנען איבעראַנײַס פאַרפלאַנצט געוואָרן אַפן נײַעם אַמעריקאַנישן באָדן. און דערבײַ איז צו באַמערקן איין שטריך, איין הויפּט־שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט אין אַלגעמיין די

אַלע ווערק, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט געווידמעט דער דאָזיקער איבערוואַנדערונג. דער שטריך באַשטייט אין די פאַרשטאַרקטע קריטיש־סאַטירישע עלעמענטן, אין די אויסגעשפּראָכענע עלעמענטן פון דער אַנטבלויזנדיקער אַפילע געזעלשאַפט־קריטיק, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט אַרײַנגעבראַכט אין זײַנע ווערק, וואָס שילדערן די אַמעריקאַניש־ייִדישע געזעלשאַפטלעכקײַט.

ס'איז אַ פאַקט. צו דעם אַמעריקאַנער אָלרײַטניק, צום ייִדישן קאַפּיטאַליסט פון דער נײַער אויסלענדישער פאָרמאַציע האָט זיך שאָלעם־אלייכעם באַצויגן אין זײַנע ווערק מיט מער פאַראַכטונג און אָפּלייקענונג איידער צום קאַסרילעווקער נאָגיד אַפילע, אָפּגערעדט שוין צום קאַסרילעווקער שטעטלשן „באַלעבאָס“, פאַר וועלכן שאָלעם־אלייכעם האָט מײַסטנס געפונען טרייסטנדיקן גוטמוט און ליבלעכן שמייכל. שאָלעם־אלייכעמס אַמעריקאַנישע אײַנאַקטערס „אוילעמהאַבע“, „מיסטער בוים אין קלאָזעט“, זײַן דערציילונג „מיסטער גרין האָט אַ זשאָב“, און די נײַע קאַסרילעווקער סעריע, וואָס שפּיגלט אָפּ אין סאַך די ייִדיש־אַמעריקאַנישע קולטור און פּרעסע־אויפירונגען, די אַלע שאָלעם־אלייכעמישע שאַפונגען צוזאַמען מיט די „בלאָנזשענדע שטערן“, מיט „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“ באַווײַזן, אַז שאָלעם־אלייכעמס באַרירונג מיט דער אַמעריקאַנער ייִדישערווירקלעכקײַט האָט גראָד פאַרשאַרפט זײַן נעגאַטיווע באַציִונג צו דער קאַפּיטאַליסטישער לעבנס־אָרדענונג, פאַרשטאַרקט דעם קריטישן און ערטערװײַז דעם פּאַמפלעטיש־דעמאַסקירנדיקן עלעמענט אין זײַנע ווערק, דאָרט, ווו ער באַהאַנדלט, דעריקער, דעם הערשנדיקן פּלוטאָקראַטישן שיכט, זײַן לעבנס־שטייגער, עטיק און געזעלשאַפטלעכקײַט.

אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט שאָלעם־אלייכעם אײנצײַטיק גאַנץ אָפּט פאַרשטאַרקט זײַן גוטמוט, זײַן לירישע טרייסט־באַציִונג צום פאַרשווינ פונעם אַמאָליקן היימישן אַלטן שטעטל, צום קאַסרילעווקער פּערסאָנאַזש, וועלכן ער האָט אָט ווי קעגנגעשטעלט קעגן דעם זיטלעך-פאַרדאָרבענעם מענטש פון דער נײַער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטלעכקײַט, אים מער איצט געלײַטישט און אידעאַליזירט. און די באַגעגעניש, דער איבערפלעכט פון די ביידע: קאַסרילעווקע מיט אַמעריקע—קאַסרילעווקע אין אַמעריקע אָדער אַפילע אַמעריקע אין קאַסרילעווקע—איז געוואָרן אַן אָפּטע טעמע אין שאָלעם־אלייכעמס ווערק. דער פּראָבלעמאַטיק און כאַראַקטעריסטיק פונעם דאָזיקן צוזאַמענשמעלץ האָט ער אויך געווידמעט זײַן בוך „בלאָנזשענדע שטערן“, ווו דער וואַנדערנדיקער אַקטיאָרישער געזעמל האָט אים געגעבן, ווי געזאָגט, די מעגלעכקײַט וואַרפן די האַנדלונג אין די ערטער פונעם דאָזיקן צוזאַמענשמעלץ. און דאָ איז אויך פאָרגעקומען סײַ שאָלעם־אלייכעמס באַגעגעניש מיטן קאַמף קעגן דעם פאַרשפּרייטן דאַן שאָמער־ראָמאַן, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט איצט שוין באַוווּסטזיניק אויפגענומען, ווי די אַנטפּלעקונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער לעבנס־אָרדענונג, סײַ די ווידער־אויפלעבונג און פאָרזעצונג פון סטעמפּעניו און יאָסעלע סאָלאָוויי, וואָס ער האָט איצט אָפּ אַ נײַעם עטאַפּ אויפגעשטעלט אין די געשטאַלטן פון לעאָ ראַפאַלעסקאָ און ראָזע ספּיוואַק.

שאָלעם־אלייכעם האָט איצט געפונען פאַר נייטיק מיט מער שאַרפקײַט און שטאַרקײַט אומקערן זיך שילדערן דעם טיפּ טרוימער, דעם בינע־מענטש, דעם קינסטלער, וואָס געפינט זיך ניט קיין אָרט אין דער אַרומיקער אייגנטימעריש־פאַרדאָרבענער

לעבנס־ווירקלעכקײַט. ביפראט, אז אינ דעמ געביט האָט שאָלעמ־אַליכעמ דורכגעמאכט איצט אונ גראָד אינ אמעריקע אנ אייגענע לעבנס־דערפארונג, ער אליינ האָט דאָרט בעליטנ א דורכפאל אינ זײַנ אייגענער קינסטלעריש־טעאטראלער טעטיקײַט אונ דעמ דאָזיקנ דורכפאל מיט רעכט פארבונדנ מיט דער סאָציאַל־זיטלעכער הערשונג פונ דער דעמאָראליזירטער קאפיטאליסטישער געזעלשאפטלעכקײַט.

ס'איז באוווסט פונ שאָלעמ־אַליכעמס בריוו, אז פאַרנדיק קיינ אמעריקע האָט שאָלעמ־אַליכעמ געגרייט זיכ צו דראמאטורגישער טעטיקײַט, געהאָפט פארנעמענ מיט זײַנ דראמאטישער ארבעט אנ אָרט אינ דער אמעריקאנער ייִדישער טעאטער־וועלט. נאָכ זײַנענדיק אינ רוסלאנד, פארקניפט שאָלעמ־אַליכעמ פארבינדונגענ מיטנ ייִדישנ טעאטער אינ אמעריקע נאָכנ דערפאָלג פונ זײַנ פיעסע „צעזייט אונ צעשפרייט“ אינעמ פוילישנ טעאטער אינ ווארשע. אינ 1905 יאָר שרײַבט שאָלעמ־אַליכעמ אינ א בריוו צו זײַנ טאָכטער: „מײַנ גורל אונ אײַער צוקונפט (איכ ווענד מיכ צו מײַנע נאָכפאָלגער) זײַנענ ענג צוזאמענגעבונדנ מיטנ ייִדישנ טעאטער. פארשרײַב דאָס דיר אינ דײַנ קאלענדאר“ (שאָלעמ־אַליכעמ־בוכ, זײַט 62). צוליבנ אמעריקאנישנ ייִדישנ טעאטער שרײַבט דאנ שאָלעמ-אַליכעמ א פיעסע „דער לעצטער קאָרבנ“, וואָס שילדערט די געשעענישנ פונ 1905 יאָר. שאָלעמ־אַליכעמ ארבעט איבער ספעציעל פארנ אמעריקאניש־ייִדישנ טעאטער זײַנ פיעסע „יאקנעהאָז“, וואָס באקומט איצט דעמ נאָמענ: „דער אויסוווּרפ אָדער שמועל פאסטערנאק“. ער אינסצענירט זײַנ ראָמאנ „סטעמפעניו“, וואָס ווערט איצט סענסאציאָנעל פארוואנדלט אינעמ „ייִדישנ פאגאניני“. די פיעסע „צעזייט אונ צעשפרייט“ באקומט בא אימ אויכ פאר אמעריקע א נײַעמ נאָמענ „מייער שאלאנט“.

די פיעסנ „שמועל פאסטערנאק“ אונ „סטעמפעניו“ האָבנ צוויי גרויסע ייִדישע ניו־יאָרקער טעאטערנ אופגעפירט אייגצײַטיק אינ 1907 יאָר. שאָלעמ־אַליכעמ איז בײַגעווענ אינ איינ אָוונט אפ דיביידע פאָרשטעלונגענ, געשריבנ וועגנ דעמ א באַגײַסטערטנ בריוו אונ אויסגעלאָזט האָט זיכ עס מיט שאָלעמ־אַליכעמס פולשטענדיקנ אײַנרײַס מיט דער אמעריקאניש-ייִדישער פארביזנעסטער טעאטער־וועלט, וואָס האָט נישט געקאָנט לויט איר דעגראדירטנ סאָציאַלנ אונ זיטלעכנ צושטאנד אײַנגיינ ניט אפ דעמ פראָבלעמענ־אינהאלט, ניט אפ דער ליטערארישער הויכ פונ שאָלעמ־אַליכעמס דראמאטורגיע. אויסגעלאָזט האָט זיכ עס מיט שאָלעמ־אַליכעמס אויסוואנדלונג פונ אמעריקע. שאָלעמ־אַליכעמ האָט איגיכנ, אנטלײַענדיק געלט אפ הויצאָעס בא א גוטנ פרײַנט, פארלאָזט דאָס לאנד, די שטאָט אונ די טעאטער־געזעלשאפטלעכקײַט, וועלכער ער האָט אינ די „בלאָנזענדע שטערנ“ סאקע געווידמעט אזוינע סארקאסטיש־אופרײַסערישע זײַטלעכ, ביפראט אינ די קאפיטלענ „באכאצויצרעס וועקויל שויפער“ אונ „מוישע“, ווו ער באהאנדלט ספעציעל די זיטנ פונעמ ייִדישנ טעאטער, פונ אירע דירעקסאָרנ, צושויער אונ „פרעס“.

אזוי ארומ טרעטנ ארויס בולעט די לעבנס־אטמאָספער, די באדינגונגענ אונ ווירקונגענ, וואָס האָבנ געפונענ זייער פולנ אויסדרוק אינ שאָלעמ־אַליכעמס „בלאָנזענדע שטערנ“, אינעמ בוכ, וואָס פארמאָגט דעמ סאָציאַלנ מאסשטאב, די ברייט אונ דעמ פארנעמ פונ די בעסטע ווערק פונעמ גרויסנ ייִדישנ קלאסיקער, הומאָריסט אונ שטייגער־שילדערער.

2

פונ די צוויי טיילנ פונעם ראָמאנ „בלאָנזשענדע שטערנ" איז דער ערשטער טייל „אקטיאָרנ" מייסטנס פארבונדנ מיטנ שטעטל, מיט דער שטעטלשער אטמאָספער, וואָס רינגלט ארומ די געשילדערטע וואנדער־טרופעס סיי אינ דעם בעסאראבער „האָלענעשטי", סיי אינ די בוקאָווינער, רומענישע אונ גאליציאנישע שטעטלעכ, וווּהינ די וואנדערנדיקע אקטיאָרנ פאָרנ בא שאָלעמ־אלייכעמענ שפּילנ טעאטער. אינ דערביי לאָזט זיכ גלייכ באמערקנ, אז וואָס מער דער געשילדערטער פערסאָנאזש איז פארוואָרצלט אינעמ שטעטלשנ שטייגער, פארבונדנ מיט די שטעטלש־פּאטריארכאלע אָנשויוּנגענ אונ לעבנס־מאָראל, אלצ מער כיינ געפינט ער אינעמ שרייבערס אויגנ, אלצ מילדערער איז דעמ שרייבערס באציוּנג צו זיינ אָפּגעשטאנענקייט אונ שטייגעריש־מאָראלער פארקריפּלטקייט אפילע.

אָפּגערעדט שוינ פונ דער שמייכלענדיקער ליבשאפט, מיט וועלכער שאָלעמ־אלייכעמ באשרייבט רייזעלעס עלטערנ, דעמ כאזנ מיט דער כאזנטע, צי האָצמאכס מוטער סאָרע בראָכע, דעמ באלעגאָלע אונ דעמ קלעזמער אונ אלע אנדערע עכט שאָלעמ־אלייכעמישע פארשוינענ פונ שטעטל. האָצמאכנ אליינ, דעמ דירעקטאָר אונ אונטערנעמער, איז שאָלעמ־אלייכעמ מויכל זיינע גיריקע, אָפּטמאָל אנטרעפּרעניאָרישע אפּעטיטנ, זיינ נישט וועלנ אינ סאָכ ארויסלאָזנ פונ די הענט „דאָס „שפּיל־פויגל", דעמ ארויסגעגאנווענטנ לייבלענ. שאָלעמ־אלייכעמ רינגלט, אדראבע, ארומ האָצמאכנ מיט פּאטריארכאלע פעדימער, וואָס בינדנ אימ צו זיינ מוטער אונ שוועסטער אונ מיט דעמ באשיינט ער אימ גאָר פונ אנ אנדער זייט, מאכנדיק אימ טריי אונ איבערגעגעבנ. אפילע צו מוראווטשיקנ מיט זיינע העסלעכ־גייציקע מעקלערשע שטיק באציט זיכ דאָכ אויכ שאָלעמ־אלייכעמ נישט מיט קיינ פארניכטנדיקער, נאָר ביט א לייכטער איראָניע, קאָנסטאטירנדיק בלויז יענעמס אָפּגעטאָנענע אפּעריסטישע ארבעט.

אונ די מישפּאָכע ראפּאלאָוויטש, לייבלס גווירישע טאטע אונ מאמע, שוועסטער אונ ברידער האָט שאָלעמ־אלייכעמ אויכ דאָס מאָל באגנעדיקט, ארומגערינגלט מיט ליריש־פארגעבנדיקער זאָרגעוודיקייט. דער טויט פונ לייבלס מוטער, דער אווי ליבלעכ געשילדערטער „קליינינקער אונ שוואכינקער אונ שטילינקער"ביילקענ, דער רירנדיקער „מכאק פונ ראפּאלאָוויטשעס שטוב", דער געבראָכענער געמיט פונעם כאָרעו געוואָרענעמ גווירישנ־באלעגופישנ בענינ, וואָס האָט זיכ גענומענ צומ הארצנ, לייבלס אנטרונענ ווערנ—דאָס אלצ דארפ, אשטייגער, פארגליכנ ווערנ מיטנ ענלעכנ נעגידישנ טיפּאזש פונ „סטעמפּעניו" אונ „יאָסעלע סאָלאָוויי", מיטנ נאָגיד בענציענ גלאָק אָדער ראָכעלעס שווינגער אונ אפילע ראָכעלעס מאנ מוישע־מענדל פונ „סטעמפּעניו", צי מיט דער שטוב פונ יאָסעלע סאָלאָווייס „מאדאמ", מיט די אלע, וואָס שאָלעמ־אלייכעמס הומאָר האָט זיי אינ סאָכ סאָציאל אנטבלויזט, אופגעדעקט אונ פארורטיילט זייער זעלבסטצופרידענע זאטקייט, זייער אייגנטימעריש־פינצטערנ אָנגריפ אפּ מענטש, סאלאָנט אונ ליבע.

אינ די „בלאָנזשענדע שטערנ" אָבער גייט דער אָנוווּקס פונ שאָלעמ־אלייכעמס סאָציאלער אנטבלויזונג לויט דער ליניע, וואָס דערווייטערט זיכ אלצ מער פונ שטעטל אונ דערנעענטערט זיכ צו גאָר גרויסער, צו דער סאמע גרעסטער קאפּיטאליזירטער

שטאָט, צו ניו־יאָרק, מיט אירע פאַנאַנדערגעבליטע בורזשואזע זייטן, ווו מענטש פאַר־
קויפט זיך, ווי סכוירע, און טאַלאַנט איז אַן איניען פון געשעפט, „בלאָף" און „הומ־
בוג", ווי שאָלעם־אַלייכעם דערווייזט. און ס'איז זייער וויכטיק דאָס, וואָס שאָלעם־
אַלייכעמס הומאָריסטיש־דעמאַסקירנדיקער פּאַטאָס איז דאָ אין דעם ראָמאַן נישט
אַזוי אויסן אויפצוווייזן דעם געשילדערטן קאָנקרעטן נעגאַטיוון פּערסאָנאַזש, ווי דעם
קאָמפּליצירטן קאַפּיטאַליסטישן מעכאַניזם אינגאַנצן גענומען. ס'דאַכט זיך, אַז די
נאַרישסטע, צי די סאַמע עקלדיקסטע פאַרשוינען פון דעם צווייטן טייל פון די
„בלאָנזשענדע שטערן": דער געראָטן געשילדערטער „אינטעליגענטישער" מיסטער קלאַ־
מער מיט זיין הערצל־באָרד און סקאָבעלעוו־אויסזען, דער נייער מענאַכעם־מענדל פון
דער אַמעריקאַנישער פאָרמאַציע ניסל שוואַלב, צי דער אינגאַנצן אַמעריקאַניזירטער
יידישער טעאַטער־דירעקטאָר און בלאָף־מייסטער מיסטער ניקעל—זיי אַלע, דאַכט
זיך, פּונקט ווי דער איבעריקער געזעמל פון די אַקטיאָרן און אונטערנעמער, זיינען
געשילדערט בא שאָלעם־אַלייכעמען ווייניקער ווי סוביעקטן און מער ווי אָב־
יעקטן פון עפּעס אַן איבער זיי שטייענדיקער קראַפט, פון אַזאַ מין אומגעזעענעם
מעכאַניזם, דעם קאַפּיטאַליסטישן מעכאַניזם טאַקע, וואָס שלייַדערט זיי, וואַרפט זיי
אין אַלע זייטן, טרייַבט זיי ווי פאַרווּרטיילטע, קאָן מען זאָגן, פאַרנעמען זיך מיט
קאָלערליי פאַרדאָרבערישע, שווינדלעריש־פאַרברעכערישע שונד־אויסטראַכטענישן,
וואָס מאַכט זיי גופא צוניש, פאַרוואַנדלט זיי אין קאָמישע און טראַגי־קאָמישע
פאַרקריפלטע באַשעפענישן.

די פּלאַסטישע קראַפט פון שאָלעם־אַלייכעמס סאָציאַל־קינסטלערישער באַזינונג
איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז שטענדיק געגאַנגען פון סאָציאַלער לאַגע,
פון פּראָפעסיע אַפילע צו טעווע און נאַטור פונעם געשילדערטן מענטשן. די אויס־
בילדונג פון די גאָר נייע פּערסאָנאַזשן, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט אין דעם ראָמאַן
צום ערשטן מאָל אַרייַנגעבראַכט אין דער ליטעראַטור, האָט ער אויך אָרגאַניש פאַר־
קניפּט און פאַרבונדן מיט זייערע נייע סאָציאַלע אומשטענדן, פיל מאָל אונטערגע־
שטרייַכט דעם סאָציאַלן מוז, די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אַפילע, די קאַפּיטאַליס־
טישע, אייגנטלעך, עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן. אַרייַנדרינגענדיק אין זיי, איז שאָלעם־
אַלייכעמען געראָטן אַזוי פולבלוטיק אויספאָרמירן די דאָזיקע גאָר נייע, אָקאָרשט אויפ־
געקומענע, פאַרשיידענע געשטאַלטן.

„די וועלט באַשטייט פון אַן אַרמיע, וואָס גייט אַף דער מילכאָמע—אַזוי רעזאָ־
נירט שאָלעם־אַלייכעם אַף זיין פאָלק־שטייגער, דערציילנדיק וועגן דעם קראַנק גע־
וואָרענעם האָצמאַכן, וואָס די אַקטיאָרן האָבן פאַרביטן אַפן נייעם דירעקטאָר, אַף
קלאַמערן—אַ גאַנצע אַרמיע וועט זיך אָפּשטעלן צוליב דעם, וואָס טאָמער פאַלט אַ
סאָלדאַט אינמיטן וועג. דער געפאַלענער האָט אַ בריירע: וועט אים גאָט געבן קויעך,
וועט ער אופשטיין, אַניט — וועט מען אַף אים קיין קאָווער ניט לייגן. מע וועט
שפּאַנען איבער אים מיט די שטיוול און מיט די קאָלאָשן און מע וועט אים טרעטן
און צעטרעטן, אַזוי, אַז קיין האָן וועט אַפילע ניט קרייען".

„אין אַמעריקע— האָט איינמאָל שאָלעם־אַלייכעם געזאָגט אין אַ ווערטל— לעבט
מען ניט, מע ראַטעוועט זיך". דאָס דאָזיקע „ראַטעווען זיך", דעם געפילדער און גע־
טומל אַרום דעם ראַטעווען זיך, די גראַדאַציע פון פאַרשיידענע מענטשן, וואָס ראַ־

טעווענ זיכ יעדערער אפ זײַנ אייגענעמ אויפנ מיט אייגענע אויסגעפונענע אומענטשלעכע מיטלענ, האָט שאָלעמ־אלייכעמ מיט גרויסער פלאסטישער קראפט באוויזנ אינעמ צווייטנ טייל פונ די „בלאָנזענדע שטערנ“. די פּאָזיטיווע העלדנ פונעמ ראָמאנ, די בלאָנזענדע שטערנ גופע האָט דאָכ אויכ שאָלעמ־אלייכעמ געלאָזט לעבנ בעעצעמ אינ צוויי באזונדערע פלענער: אינעמ פלאנ פונ טרוימ פונ אידעאל אונ אינעמ פלאנ פונ ניכטערער, אומבעראכמאָנעסדיקערווירקלעכקײַט. לעאָ ראפאלעסקאָ, דער גרויסער אקטיאָר אונ אָרנטלעכער טרוימער, פאָרט אפנ שיפ קיינ אמעריקע געפינענ דאָרט זײַנ צווייפאכיקנ גליק, דעמ ארטיסטישנ גליק אונ דעמ ליבע־גליק, אונ טראכטנ טראכט ער בעשאס מײַסע, אז „ער זעט ניט פאר זיכ קימאט קיינ איינ לויטערנ פונקט, ניט איינ פינטעלע א ליכטיקס. דורכויס פינצטער, דורכויס נידערטרעכטיק, דורכויס פארברעכנ: דעמ טאטנ באגאנוועט... פונ דער היימ אנטלאָפנ... די מאמע געהארגעט... האָלצמאנענ אָפגעליגנערט... זלאטקענ אָפגענארט, מיִעס אָפגענארט, זיכ פארשטעלט פאר ברודע, איר צוגעזאָגט ליבע, צעבראָכנ א יונג אומשולדיק הארצ...“ אונ דאָ אפנ שיפ גופע וועט ער דאָכ, ראפאלעסקאָ, טרוימענדיק וועגנ ראָזע ספיוואק, פארפירנ א נימעסע ליבע מיט גענריִעטא שוואלב, פארזינקענ, הייסט עס, ווידער אמאָל אינעמ פלאנ פונ דער העסלעכער ווירקלעכקײַט. נישט אומזיסט שטרײַכט דאָ איראָניש אונטער שאָלעמ־אלייכעמ, אז ראפאלעסקאָ פאָרט צו זײַנ „איינציקער געליבטער“...

דאָס זעלבע קומט אויכ פאָר מיט דעמ צווייטנ „בלאָנזענדע שטערנ“ מיט ראָזא ספיוואק, די וועלט־בארימטע באליבטע זינגערנ, וואָס לעבט אויכ איבער א געוויסע צווייפענעמדיקײַט: „איכ טראָג אינ זיכ א בייז הארצ—שרײַבט זי אינ א בריוו—איכ באזיצ א שלעכטנ גײַסט. איכ האָב קיינעמ, קיינעמ ניט ליב... פרעמדע צאָרעס זײַנענ בא מיר א שפאס. יענעמס טראגעדיע איז בא מיר א שפיל... איכ בינ א בייזעס וועזנ, א פארדאָרבענע נעשאָמע“. אָט אזא איז זי די אומגליקלעכ־גליקלעכע יונגע זינגערנ, וואָס זוכט איר טרוימ איבער דער וועלט אונ קאָנ אימ אינ ערגעצ ניט געפינענ. אינ דעמ אויסגעצייכנט־רירנדיקנ בריוו, וואָס לייע די כאזנטע שרײַבט צו איר טאָכטער ראָזע ספיוואק אונ גיט איר צו וויסנ, אז איר מאנ, ראָזעס פאָטער, איז געשטאָרבנ, פארענטפערט זי זיכ פאר דער שלעכטער בסורע: „גאָט איז מײַנ איידעס—שרײַבט זי—אז איכ וואָלט דיר איצט אויכ ניט געשריבנ, וואָרומ קאָלזמאנ דו ביזט אינ דעמ ברויט דארפ מענ דיר ניט שטערנ“. דער ברויט, הייסט עס, פארשטייט די העלענעשטער מאמע, איז בא ראָזענ אזא, וואָס דערלויבט איר ניט פארנעמענ זיכ מיט פערזענלעכע איבערלעבונגענ, מעג עס זײַנ דער טויט פונ איר פאָטער, פאר דעמ דאָזיקנ ברויט דינט זי דאָכ, די עכטע קינסטלערנ ראָזע ספיוואק, זי איז אויכ אונטערגעוואָרפנ דעמ הערשנדיקנ קאפיטאליסטישנ קויפ־ אונ פארקויפ־געזעצ פונקט ווי ראפאלעסקאָ, ווי אלע אנדערע קלענערע אונ גרעסערע העלדנ פונעמ ראָמאנ. אונ ניט אומזיסט רעדט ראָזע וועגנ „די פארפלאָנטערטע אומשטענדנ, וואָס האָבנ זי געטריבנ אופהענגענ אפ זיכ די גאָלדענע קייטנ“...

אָט די גאָלדענע קייטנ דינענ דאָכ שאָלעמ־אלייכעמענ פאר איינעמ פונ די אקסנ, אפ וועלכע ס׳האלט זיכ די הויפט־האנדלונג פונ דעמ ראָמאנ. די איקער אינטריגע פונ די „בלאָנזענדע שטערנ“ באשטייט דאָכ אינ דעמ, וואָס ראָזע ספיוואק אונ לעאָ ראפאלעסקאָ ווערנ צעשיידט, בלאָנזענ ווי פארוועטיילטע ביידע איבער דער

וועלט און קאָנען בעאיינ אויפן ניט געפינען איינער דעם צווייטן. איז אָט די דאָזיקע אינ פלוג געקינסטלטע פאבוליסטיק—ראָזע און ראפּאלעסקאָ געפינען זיך אפילע איינמאָל אייוצ־טיק אינ איינער און דער זעלבער שטאָט—באקומט איר פולע און אינטערעסאנטע בארעכטיקונג אינ דער אלגעמיינער געשילדערטער קאפּיטאליסטישער אטמאָספער פונ דער האנדלונג, אינ דעם, וואָס שאָלעמ־אליכעם איז אויסן געווען דערמיט אונטערשטרײַכן, אז ס'האנדלט זיך וועגן א לעבן, וואָס איז טאקע פארורטיילט אינ די בורזשואזע פארהעלטענישן. די דאָזיקע פארהעלטענישן האלטן דאָס די גאנצע צײַט סײַ ראפּאלעסקאָן, סײַ ראָזען אינ קלעם פונ די „גאָלדענע קייטן“, די קייטן האלטן אומיטלבאר אינ די הענט די כאליאסטרע אונטערנעמער, וואָס יאָגן זיי נאָך, ווי רויב־פויגל, אָבער די כאליאסטרע גופע איז אונטערגעוואָרפן די געזעצן פונ קאפּיטאליסטישן רויבערישן לעבן, וואָס פירט אָן, ווי געזאָגט, אומגעזען מיט זייערע אלע טוּונגען און פירונגען. די געזעצן ח'ערן אפ אזא אויפן דער הויפּט־באוועגער פונעם טיפּאוש, דער הויפּט־באוועגער פונ דער טעמאטיק און האנדלונג פונ שאָלעמ־אליכעמס ראָמאן וועגן די „בלאָנזשענדע שטערן“, און די דאָזיקע געזעצן האָבן, דאכט זיך, אויך צו זאָגן אינ דעם אויסוואל פונ דער פאָרם, וואָס שאָלעמ־אליכעם האָט אָנגעווענדט אינעם ראָמאן.

3

ס'האנדלט זיך וועגן דעם זשאנר פונעם „העכסט שפּאנענדיקן“ ראָמאן, וואָס דארפ „ברעכן דעם רעקאָרד און צוציִען דאָס גרויסע פובליקום“, ווי שאָלעמ־אליכעמ האָט אינעם בריוו באצייכנט דעם זשאנר־כאראקטער פונ זײַנע „בלאָנזשענדע שטערן“. האָבנדיק אינ אויג אָפּציִען מיטן ראָמאן דעם לייענער פונ די שונד־פארפאסונגען, וואָס האָבן דאן פארפילט די צײַטונגען, האָט שאָלעמ־אליכעמ געוויס געוואָלט שלאָגן די יעניקע ווערק מיט זייער אייגענעם געווער, ברויכנדיק די זעלבע זשאנר־מיטלען. אָבער די מיטלען זײַנען דאָך, אייגנטלעך, די מיטלען פונעם פאָלקס־ראָמאן, די מיטלען פונ דער עפּישער פאָלקס־שאפונג, וואָס די שונד־ליטעראטור האָט גאנץ געשיקט אָקופּירט און פארקריפּלט און שאָלעמ־אליכעמ האָט זיי אינ די „בלאָנזשענדע שטערן“ אָנגעווענדט אפן עכטן פאָלקס־שטייגער, אויפגעלעבט, קאָן מען זאָגן, דעם זשאנר, פארוואנדלט אים אינ א קינסטלעריש־ווירקעוודיקן און טאקע העכסט אינטערעסאנטן.

אָבער דאָס אליינ וואָלט נאָך ווייניק געווען, ווען דער זשאנר וואָלט ניט אויסגעהאָלפן דער אידיִשער צילגעווענדטקײַט פונ שאָלעמ־אליכעמס ראָמאן, ווען די געווענדטע דערציילערישע מיטלען וואָלטן ניט צונוץ געקומען פארן הויפּט־געדאנק פונ שאָלעמ־אליכעמס ווערק. עס גייט אינ דעם, וואָס דער מעטאָד פונ דער מײַסעדיקער, געשעענישפולער פאָלקס־פראָזע האָט דאָך גענוצט אפ ארויסצוברענגען די קראפט פונ דער פראָווידענצ, די קראפט פונעם מאזל, וואָס האָט, לויט דער קאָנצעפּציע פונעם פאָלקס־דערציילער, געהערשט איבערן מענטש און זײַנע טוּונגען. וואָרעם וואָס שטארקער, פארוויקלטער, סענסאציאָנעלער די פאבוליסטישע האנדלונג, דער אופגעקומענער צופאל, אלץ שטארקער באקומט זיך די קראפט פונ דער אומגעזעענער

פּאַטאַליסטישער האַנט, וואָס אָרדנט איַינ דעמ צופאַל אונ ברענגט יעדנ פּערסאָנאַזש צומ באַשערטנ גליק אָדער אומגליק.

אונ אָט דעמ זעלביקנ קלוימערשט צופעליקנ געפלעכט פונ געשעענישנ, דעמ מעטאָד פונ פּילפּלאַנישע פּאַראַלעלע אונ זיכ איבערפלעכטנדיקע טעמאַטישע ליניעס האָט אויכ איצט געברויכט שאָלעמ־אַלייכעמ, וואָס איז אפ זיַינ אויפנ אויכ אויסנ געווענ, ווי געזאָגט, באַוויַיזנ די געוויסע פּאַרורטיילטקיַיט פונ זיַינע פּערסאָנאַזשנ, באַוויַיזנ ווי זיי פּלאָנטערנ זיכ שוינ ניט אינ די נעצנ פונעמ בלינדנ פּאַר זיי מאַזל, נאָר אינעמ קלעמ פונ דער באַוווּסטזיניקער קאַפּיטאַליסטישער קראַפט, וואָס וואַרפט זיי אַריבער פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ, רויבט אָפּ בא זיי זייער פריַיהיַיט פונ געפיל אונ צווינגט זיי זיַינ קנעכט, קנעכטיש פּרעסנ אַפילע איינער דעמ צווייטנ אונ—„אַ רואַכ אינ געלטס טאַטנ!“, ווי האָצמאַכ זאָגט...

אפנ עכט קינסטלערישנ אויפנ נוצט אויס שאָלעמ־אַלייכעמ דעמ עפעקט פונ דער קלוימערשט געהיימניספולער געשיכטע, ווי מע באַנוועט אַרויס לייבלענ אונ רייזלענ פונ זייערע היימענ. שאָלעמ־אַלייכעמ באַוויַיזט מערקווירדיקע באַהאַונטקיַיט אינעמ פאָלקס־סטיל, אינ דער קאָנסטרוקציע פונעמ פאָלקס־ראָמאַנ, ער נוצט אויס אינטערעסאַנט דעמ דערציילערישנ פאָלקס־נוסעכ פאַר די איבערראַשונגענ, וואָס ער איז געניט געווענ צו ברויכנ לויטנ ציַיטונגס־גיַיסט, אָנהויבנדיק אינ אַ נאַיעמ קאַפּיטל די פאָרזעצונג פונ אַ פריִערדיקנ נומער מיסטאָמע, ער ברויכט די פאָלקס־טימלעכע לירישע רעזאָנערישקיַיט, דעמ עפּיסטאָליאַרישנ בריוו־אויסטויש, ער גייט אפנ ראַנד פונעמ סענטימענט—אונ איז אומעטומ סאָציאַל אונ רעאַליסטיש, פול מיט כאַראַקטער, פול מיט פּראָטעסט אונ גלענצנדיקער סאָציִאַלער דעמאַסקירונג.

דער מאָמענט, צומ ביַישפּיל, ווענ די באַרימטע זינגערנ ראָזאַליע מיט איר כאָסנ דעמ באַרימטנ פידלער גרישע סטעלמאַכ זיַינענ געצוווּנגענ אַנטלויפנ פונ ייִדישנ טעאַטער, די גאַנצע געשיכטע מיט זייער גייִנ אינ טעאַטער, מיטנ סקאַנדאַל פונ ניקעלס רעדע, מיטנ שענדלעכנ אַנטלויפנ פונ דער באַרימטער פּאָר, דאָס אַלצ, וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ ברויכט צוליב דער פּאַרכאַפּנדיקער אינטריגע, ביכדיי צו צעשטערנ אינעמ העכסטנ פונקט די באַגעגעניש פונ ראָזענ מיט ראַפּאַלעסקאָ—דאָס אַלצ איז דאָכ בעזעטיקט מיט כאַראַקטערפולנ סאָציִאַלנ מיינ, די דאָזיקע געשיכטע דעקט דאָכ מערקווירדיק אופ די קנעכטישע לאַגע פונ די „פריַיע קינסטלער“, וואָס דאַרפנ אויסבאַהאַלטנ זייער ייִדישע אָנגעהעריקיַיט. די בורזשואַזע פאָרורטיילנ טרעטנ דאָ אַרויס אפנ שאַרפסטנ אויפנ, אינעמ דאָזיקנ עפּיזאָד ווערט אָביעקטיוו אַנטבלויזט אונ פאַרורטיילט די לאַגע פונ דער אינטעליגענצ בא דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וואָס פאַרקריפּט איר מענטשלעכע אונ נאַציִאָנאַלע ווערדע. יעדער שילדערישער פּראַט פונעמ ראָמאַנ, דער סענסאַציִאָנעלסטער, וואָס דינט דער סושעטישער שפּאַנענדיקיַיט, איז אפ אַזאַ אויפנ אינ טאָכ פול בא שאָלעמ־אַלייכעמענ מיט סאָציִאַלנ באַדיַיט, וואָס העלפט מיט אַרויסברענגענ דעמ געדאַנקלעכנ פּאַרטראַכט פונעמ שריַיבער.

„די געפערלעכסטע פאַנטאַזיע איז ניט אומשטאַנד אַזוי ווילד צו פאַרפּלאָנטערנ אונ פאַרקייטלענ איינ געשעעניש מיטנ אַנדערנ, ווי דאָס האָט געמאַכט דער צופאַל,

דאָס לעבנ אלײנ". דאָס שרײַבט ראָזע אינ איר בריװ צו ראפאלעסקאָנ נאָכנ סקאנדאל אינ טעאטער, װאָס האָט זײ װידעראמאָל נישט געלאָזט זיכ צוזאמענטרעפנ. „דאָס צופאל, דאָס לעבנ אלײנ"—דאָס איז די כאראקטעריסטיק פונ שאָלעמ־אלײכעמס אָנגעװענדטנ שעפערישנ מיטל פונעמ ראָמאנ, דער צופאל, װאָס כאראקטעריזירט דאָס לעבנ, װאָס שטרײַכט אונטער די גערזעצמעסיקײַט פונ לעבנ, װײַל ער איז בלויז א צופאל פאר די, װאָס זעענ נית די אינערלעכע געזעצמעסיקײַט, די סאָציאלע אורזאַכלעכקײַט, די, װעלכע שאָלעמ־אלײכעמ האָט ארויסגעבראכט אונ אנטפלעקט גראָד דורכנ „פארפלאָנטערטנ אונ פארקײטלטנ צופאל". אונ דעמ אונטערשײד פונ דעמ ארט אופאסנ דעמ צופאל מיט דער אופאסונג פונ דעמ שונד־פארפאסער גיט אלײנ שאָלעמ־אלײכעמ אינ די שורעס, װו ער לאָזט ברײַנדעלע קאָזאק טרוימענ װעגנ דער ענדע פונ ראפאלעסקאָס ראָמאנ מיט ראָזענ. אינ די דאָזיקע פראכטפולע שורעס שפילט זיכ שאָלעמ־אלײכעמ אלײנ מיט זײַנ „שעפערישנ מעטאָד" אונ באװײַזט װוּהינ ער װאָלט געפירט, װענ ער פאלט ארײַנ אינ די הענט פונ די שונד־שרײַבער, בײַ װעלכע ברײַנדל האָט ארויסגעלײענט איר װאריִאנט פונעמ סאָפ פונ דער ליבע, װעדליק שאָלעמ־אלײכעמ דערצײלט. (זײַט 183).

אינעמ װאריִאנט פונ די „בלאָנזענדע שטערנ", װאָס שאָלעמ־אלײכעמ האָט געדרוקט אינ אײנער אנ אמעריקאנער צײַטונג, ענדיקט שאָלעמ־אלײכעמ דעמ ראָמאנ מיט ראָזעס בריװ, װו זי גיט צו װיסנ װעגנ איר גליקלעכנ צוזאמענלעבנ מיט ראפאלעסקאָ. דער דאָזיקער „גוטער סאָפ" איז ארויסגעפאלנ באמ שרײַבער אינ דעמ װאריִאנט, װאָס ער האָט געדרוקט אינ בוכ־פאָרמ. אונ װיכטיק איז דאָס, װאָס צוזאמענ מיטנ גוטנ סאָפ, האָט שאָלעמ־אלײכעמ אויכ אראָפגענומענ די געשיכטע, װי ראפאלעסקאָ נעמט זיכ רעפאָרמירנ דעמ ייִדישנ טעאטער, װי ראָזע דערצײלט עס אינ דעמ זעלביקנ בריװ. אינ דעמ בוכ־װאריִאנט איז שאָלעמ־אלײכעמ, הײסט עס, ריכטיק אונ ביזנ סאָפ נאָכגעגאנגענ נאָכ דעמ פארורטײלנדיקנ גײַסט פונ זײַנ ראָמאנ, געענדיקט, דעריבער, מיטנ פולשטענדיקנ דורכפאל סײַ פונ ראפאלעסקאָס פערזענלעכנ לעבנ, סײַ פונ זײַנ טעטיקײַט אינ ייִדישנ טעאטער, אויסדריקנדיק מיט דעמ װידעראמאָל זײַנ נישט גלויבנ אינ דער אופריכטונג פונ מענטש אונ פונ קולטור בײַ דער בורזשואז־פארביזנעװעטער געזעלשאפטלעכקײַט.

ס'איז צו פארצײכענענ, אז די ערשטע געטרוימטע, לאנג דערװארטע באגעגעניש פונ ראָזענ מיט ראפאלעסקאָנ האָט שאָלעמ־אלײכעמ אײַנגעאָרדנט אינ זאָאָלאָגישנ גאָרטנ. דער קאפיטל, דער פינאלער, אײגנטלעכ, באטיטלטער קאפיטל פונעמ ראָמאנ, באקומט בײַ שאָלעמ־אלײכעמענ דעמ מערקװירדיקנ נאָמענ „צװישנ כאיעס", א נאָמענ, װאָס איז באשײַמפערלעכ אויסנ צו סימבאָליזירנ די אומענטשלעכע ארומרינגלונג פונ דער טרוימענדיקער, גליק־זוכנדיקער פאָר, סימבאָליזירנ דעמ גאנצנ רויבערישנ גײַסט, װעלכנ ראפאלעסקאָ געפינט שוינ אינ זיכ גופע, בעשאס ער פײַניקט זיכ דאָ טאקע צוליב זײַנ באגײנ זיכ מיט זלאטקענ אונ מיט זײַנ אײגנ קינד.

אינ דער קאפיטאליסטישער אמעריקע װערנ בײַ שאָלעמ־אלײכעמענ אינ די „בלאָנזענדע שטערנ" בלויז אופגעריכט, אונ מיסטאָמע אויכ אפ א װײַלע, די קלענערע פערסאָנאזשנ. בלויז דעמ כאזנס מישפּאָכע, װאָס װײס, װי צוצוגרײטנ זיכ „סײַ צו

צניִעס, סײַ צו צוויִעס״, אונ די פרימאדאָנע מיט דער „פרעכטיקער טאליע אונ מאיעסטעטישער פיגור״, הענריִעטע שוואלב, וואָס האָט כאסענע ערגעצ אינ יאָהאניסבערג פאר א פארדעכטיקנ פארשוינ, וואָס „האנדלט מיט...״, איר כאווערטע ברײַנדל קאָזאק—א פראכטפול אופגעשטעלטער פערסאָנאזש—בלײַבט דאָכ בא איר שלימאזלדיקנ פארדראָס אפ די „שאלקהאפטיקע מאנספארשוינענ״, אונ ניסל שוואלב אפילע פאלט אויכ דורכ מיט אלע זײַנע מענאכעמ־מענדעלישע פלענער וועגנ טעאטער, ער איז געוואָרנ א שותפ צו איינעמ, וואָס פירט ארומ א מאָדעל פונעמ בייסהאמיקדעש,—וואָס פארא באהאוונטקײַט, אגעוו, בא שאָלעמ־אלייכעמענ אינ די פרומ־פארביזנעוועטע געשמאקנ פונ די, וואָס האָבנ זיכ „אויסגעגרינט אפנ געלסטנ אויפנ״, ווי שאָלעמ־אלייכעמ דריקט זיכ גלענצנד אויס.

שאָלעמ־אלייכעמס בוכ איז אינ טאָכ א פעסימיסטישער. דער גרויסער שרײַבער האָט נישט אײַנגעזענ דעמ פולנ קויכעס־באשטאנד פונ דער דעמלטיקער געזעלשאפטלעכקײַט, נישט אײַנגעזענ די וואקסנדיקע קראפט פונ דער ארבעטער־באוועגונג, דעמ קוואל פונ אָפטימיסטישער וועלט־אָנשויונג. שאָלעמ־אלייכעמס געזעלשאפט־קריטיק, דער פראָטעסט אונ סאטירע האָבנ דעריבער נישט געפונענ קיינ פערספעקטיווולע אויסשפרייטונג אינעמ בוכ, נישט געבראכט אימ צו די נייטיקע סאָציאלע אויספירנ. די לײַדנדיקע פאָזיטיווע הויפט־פערסאָנאזשנ, די קינסטלערישע נאטורנ זײַנענ געבליבנ פאסיווע נאטורנ בעעצעמ אונ דעריבער זײַנענ זיי נישט גענוג אפילע קינסטלעריש פארפולקומט, ווייניקער לעפאָכעס, ווי די לעבעדיקע שטעטלשע געשטאלטנ, צי די פולבלוטיקע געשטאלטנ פונ האָצמאכנ, ברײַנדעלע קאָזאק, ניסל שוואלב, דאָקטער לעוויוס אונ אנדערע.

שאָלעמ־אלייכעמס אָפגרענעצונג פונ דער ארומיקער פראָלעטארישער באוועגונג האָט אימ געבראכט צו פערספעקטיוולאָזיקײַט אינ דער זאכ, פאר וועלכער ער האָט אינעמ בוכ געקעמפט, געבראכט אימ דעריבער צו דער פאלשער מיינונג וועגנ דעמ מעצענאטנטומ, וואָס וואָלט קלוימערשט געקאָנט אופריכטנ די יידישע קונסט־קולטור, אינ דער געזעלשאפט, וועלכע ער אליינ האָט ביז אינ גרונט ארײַנ דעמאסקירט אונ פארניכטעט, באשאפנדיק דעמ אויסגעצייכנטנ טיפאזש פונעמ דאָקטער לעוויוס־לעוויאָסנ מיט זײַנע מעצענאטיש־היפאָקריטישע שטיק אונ אײַנריידענישנ. די זײַטלעכ, וווּ שאָלעמ־אלייכעמ באשרײַבט די זיטנ ארומ דעמ יידישנ טעאטער אינ אמעריקע (געשריבנ ווי זײַטלעכ פונ אנ אייגענעמ טאָג־בוכ), זײַנענ מוסטערהאפט אונ באלערעוודיק.

באגלײַכ מיט דער פלעטנדיקער מאמעש כאראקטעריסטיק פונ באוווסטנ שונד־טעאטער, ווארפט ער אָפ אויכ דעמ ליטערארישנ גאָרדינישנ טעאטער, מיט רעכט אויסגעפינענדיק אינ אימ די אָפשפיגלונג פונעמ „מוישע״־געשמאק, פארופנדיק זיכ אפ דער ניט אָרגאנישקײַט פונ די אלע „לויטער ליטערארישע פיעסנ״, ווי שאָלעמ־אלייכעמ באצייכנט זיי, „צוגעפיקסט אונ אויסגעיידישט אזוי, אז מע זאָל מאקעס דערקענענ פונוואנענ דאָס שטאמט״. די באשרײַבונגענ פונ ראפאלעסקאָס אקטיאָרישער ארבעט באווײַזנ שאָלעמ־אלייכעמס אלגעמיינע פאָדערונגענ פונ געזונטנ נאטירלעכנ רעאליזמ אפ דער בינע, אָבער אינ דער זעלבער צײַט לאָזט אימ ניט די סאָציאלע פערספעקטיוולאָזיקײַט דײַטלעכ אופשטעלנ די פראָגראמ פונ דער ווײַטערדיקער פארלאנגטער אנטוויקלונג פונעמ יידישנ טעאטער. שאָלעמ־אלייכעמס קאָנקרעטע

אַפשאצונג פונ דעמ, ווי ראַפּאַלעסקאָ פּילט אויס די ראָל פונ אוריַעל אַקאָסטאַ, פאר־ מאָגט אויסדריקלעכע שפורנ פונ נאציאָנאליסטישנ סענטימענטס, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט דאָ גופא אינ בוכ אזוי שארפ געשטעמפלט.

שאָלעמ־אלייכעמס בוכ איז, ווי געזאָגט, א פעסימיסטישער, אָבער דער פעסימיזמ איז דאָ א פאַרשריטלעכער, א געזעלשאפטלעכ־לייטערנדיקער. דער ראָמאנ „בלאָנ־ זענדע שטערנ" איז אָביעקטיוו באַרופנ אופצורײַסנ די סאָציאַ־זיטלעכע גרונטנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט אונ ברענגט דעריבער שאָלעמ־אלייכעמענ צומ געדאנק, אז „די צאָרעס מיט די לײַדנ, די זיפצנ מיט די טרערנ, די ביזיוינעס מיט די שפיכעס־ דאָמימ זײַנענ געבליבנ די זעלבע אונ וועלנ מיסטאָמע בלײַבנ מיטנ אייבערשטנס הילפ די זעלבע, קאָלזמאנ מענטשנ וועלנ געוועלטיקנ אפ מענטשנ, קאָלזמאנ מענטשנ וועלנ ארויסבאווײַזנ פונ צײַט צו צײַט, אז אינ זיי געפינענ זיכ נאָכ סימאָ־ נימ פונ כאיעס..." (זײַט 93).

די דאָזיקע, זאָל זײַנ אידעאליסטיש געלינדערטע, ארויסזאָגונג איז דאָכ גענוג אפ אופצודעקנ דעמ אידייִשנ הויפט־באוועגער פונ שאָלעמ־אלייכעמס ראָמאנ, דעמ באַ־ וועגער, אדאנק וועלכנ אימ איז געראָטנ אופצושטעלנ א פארגאנצטע פאנאָראמ, א ברייטע אונ דראמאטיש פארטיפטע, ווו ס'באוועגנ זיכ העכער 35 לעבעדיקע פלאסטיש־אויסגעפורעמטע פולבלוטיקע מענטשנ, יעדער איינער מיט זײַנ אייגענעמ אויסגעשפּראָכענעמ אינדיווידואליזירטנ כאראקטער, פארוואָרצלט אינ דער טיפ פונ דער ארומיקער סאָציאַלער ווירקלעכקײַט. באצייכענענדיק אזוי אופרײַסעריש שארפ די קאָלעקטיווע געשטאלט פונ „מוישעגע", פונעמ אמעריקאניש־ייִדישנ מאסנ־צושויער, געפינט דאָכ שאָלעמ־אלייכעמ גלײַכ דערבײַ די סאָציאַלע אופקלערונג פונ דעמ פאקט, וואָס וואָרצלט זיכ אינ „דעמ צושטאנד פונעמ „פארהאוועטנ, פארטארעראמטנ אונ פארטומלטנ, פארביזנעטנ אונ פארביזנעוועטנ פובליקומ, אויסגעהאָרעוועט אונ אויס־ געמאטערט פונעמ טאָג, קאמ דערלעבט דעמ אפדערנאכט". אונ אפילע אזא דעטאל ווי האָצמאכס הוסטל, וואָס פירט אימ אינ קייווער ארײַנ, ברענגט דאָכ אויכ שאָלעמ־ אלייכעמ ארויס פונ די סאָציאַלע אומשטענד, פונעמ קלאפ מיטנ פרעסל, וואָס האָצ־ מאכ האָט באקומענ אינ זײַנע שנײַדערישע לערנ־יאָרנ...

אויסער דעמ אלעמ איז שאָלעמ־אלייכעמס ראָמאנ פארפולט מיט שטייגעריש־זיט־ לעכע בילדער, וואָס שנײַדנ איבערנ קריפל־לײַב פונ דער באלעבאטיש־קליינבירגער־ לעכער סעמפקײַט אונ אידיאָטיע, אָנהויבנדיק פונ הענריעטעס פאָטאָגראפישע פאָזעס אונ ענדיקנדיק מיט ראָזע ספיוואקס אונ דעמ אלטנ סטעלמאכס „ייִדישקײַט" מיט די אלע שאָלעמ־אלייכעמיש געשילדערטע שטריכנ, וואָס אנטבלויזנ ביז אינ בײנ ארײַנ די קליינבירגערלעכ־ווידערשפּרעכלעכע סאָציאַל־שטייגערישע אויסבילדונג פונ די דאָ־ זיקע כאראקטערנ.

אינ זײַנעמ א בריוו שרײַבט שאָלעמ־אלייכעמ וועגנ די „בלאָנזענדע שטערנ": „אינ קיינ ווערק האָב איכ ניט ארײַנגעלייגט אזוי פיל קויעכ אונ מויעכ, קיינ ווערק האָב איכ ניט אזוי געפײַלט אונ געשליפנ, קיינ ווערק האָב איכ ניט געשענקט אזוי פיל ליבע, ווי דעמ דאָזיקנ ראָמאנ" (שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ, זײַט 296). שאָלעמ־אלייכעמס מי האָט געפונענ איר פולקומע באלוינונג. אכוצנ טיפאזש האָט דאָכ שאָלעמ־אלייכעמ אינ די „בלאָנזענדע שטערנ" אופגעעפנט א נײַעמ קוואל פונ פאָלקס־שפּראכ, פונעמ פאָלקס־ווערטל, מיט וועלכנ עס באנוצנ זיכ בעני ראפאלאָוויטש אונ האָצמאכ, הײַנט די שפּיל אפ די אידיאָמענ, צי די קאָלאָריטפולע אקטיאָרנ־שפּראכ אונ די פאראָ־ דירטע שפּראכ פונ דער ייִדיש־בירגערלעכער „פרעס"—די גאנצע לעקסישע שעפע האָט דאָכ דעמ גרויסנ פאָלקס־מײַסטער טרײַ אונ פלאסטיש געדינט אפ צו פארברײַ־ טערנ די אקטיאָרנ־טעמע, פארוואנדלענ זי אינ א גרויס־קינסטלערישנ באשולדיקונגס־ אקט קעגנ דער בורזשואזער געזעלשאפט, וואָס האָט פארשקלאפט, פארדאָרבנ דעמ מענטש, דעמ שעפער אונ זײַנ קונסט.

יע. קניפּאָוויטש

# דער הײַנטצײַטיקער היסטאָרישער ראָמאנ אפנ מײַרעוו

I

אויב מיר רײדנ וועגנ פאנאנדערבלי פונעם היסטאָרישנ ראָמאנ אפנ מײַרעוו—איז אונדזער באהויפּטונג ארויסגערופנ ניט דורכ דער צאָל אונ פארשײדנארטיקײַט פונ די ביכער, וואָס זײַנענ דאָרטנ דערשינענ, ניט דורכ דער טראדיציאָנעלער פּאָפּוליאריטעט פונעם זשאנר פונ דער היסטאָרישער בעלעטריסטיק.

דאָס פארליבט זײַנ אינ דער „גוטער אלטער צײַט", דאָס טאלאנטירטע אונ טאלאנטלאָזע אָנהורבענ היסטאָרישע דעקאָראציעס, דאָס פארכאפּנ זיכ מיט דער מער אָדער ווייניקער ראפינירטער רעכילעס וועגנ די גרויסע מענטשנ פונ דער פארגאנגענהײַט,—דאָס אלצ האָט עקזיסטירט אונ, צום באדויערנ, עקזיסטירט אויכ איצט.

ווענ מיר רײדנ איצט וועגנ דער פּראָבלעם פונעם מײַרעוודיקנ היסטאָרישנ ראָמאנ, האָבנ מיר אינ זינענ עפּעס גאָר אנדערש. די דאָזיקע פּראָבלעם שווימט ארופ אינ צוזאמענהאנג מיטנ דערשינענ פונ אײניקע, געצײלטע ביכער. אונ די דאָזיקע ביכער זײַנענ, לויט זײער טאָכ, לויט זײערע טראדיציעס, לויט זײער שעפערישנ גורל, פארבונדנ ניט מיטנ אלגעמײנעם שטראָם פונ דער היסטאָרישער בעלעטריסטיק אפנ מײַרעוו. דער גרויסער מײַרעוודיקער היסטאָרישער ראָמאנ איז בלויז א ווארִיאנט פונ יענעם „סאכאקלדיקנ ראָמאנ", וועלכער באשטימט איצט דעם פּאָנעם פונ דער ליטעראטור אפנ מײַרעוו.

דאָס שפּירנ די גראנדִיעזע היסטאָרישע מאסשטאבנ פונ די געשעענישנ, וואָס קומענ פאָר, דער געפיל פונ היסטאָרישער פאראנטוואָרטלעכקײַט פארנ פערזענלעכנ אונ שעפערישנ וועג, דאָס שפּירנ די סאָציִאלע אופטרײסלונגענ,—אזעלכע זײַנענ די כאראקטעריסטישע אײגנשאפטנ פונעם „סאכאקלדיקנ ראָמאנ" פונ דעם הײַנטצײַטיקנ מײַרעוו.

דער געפיל פונ געשיכטע אינ אָט די ווערק איז קימאט שטענדיק פארבונדנ מיט א ניט באזיניקטנ פאָרגעפיל פונעם סאָפּ פונ דער „מענטשלעכער פאָרגעשיכטע". בלויז מיט דעם איז מעגלעכ צו דערקלערנ דעם ווילנ צו אָפּרעכענענ זיכ מיט דער פארגאנגענהײַט, מיט דער גאנצער פארגאנגענהײַט פונ דער מענטשהײַט; בלויז מיט דעם דערקלערט זיכ דאָס, וואָס אינ פיל ווערק ווערט דורכגעפירט דאָס אומרויִקע איבערשאצנ אלע אומגעוואקלטע ווערטנ פונ דער מענטשלעכער קולטור. נאָכמער,

כאָטש דער דאָזיקער געפיל פונעם סאָפ פונ באשטימטע היסטאָרישע פּראָצעסנ איז ניט זעלטנ איבערגעגעבנ אינ דעקאדענטיש־פארשטעלטע פאָרמולעס, ווי „ענדונג פונ דער צײַט“, טרעפנ מיר אינ ערגעצ ניט די טרויעריק־באקאנטע געדאנקענ, וואָס זײַנענ אײַנשאפטלעכ דעמ פעריאָד פונ סימוואָליזמ, וועגנ אײביקנ גאנג, וועגנ אומזיניקנ קרײַז פונ דער געשיכטע. אפילע די אמערסטנ אומשולדיקע פאָרמ פונ דער דאָזיקער אידײ—דער געדאנק וועגנ ציקל־כאראקטער פונ דער היסטאָרישער אנטוויקלונג געפינט זײער א שוואכנ, ווײַטנ אָפּקלאנג אינ דער קאָנצעפּציע פונ די הײַנטצײַטיקע קינסטלער פונ מײַרעוו.

אפילע פאר די גרויסע קינסטלער פונ מײַרעוו, בא וועמענ די שפּעטערישע טראדיציעס פלעכטנ זיכ ענג צונויפ מיט דער קונסט פונ דעקאדאנס, ווערט שוינ איצט קלאָר—די קריג איז איצט א קאָנסעקווענטע, דאָס איז די לעצטע קריג, דאָס איז דער סאכאקל פונ דער גאנצער מענטשלעכער געשיכטע. „די נײַע סאָציאלע וועלט—איז אנ אָרגאניזירטע, אײנהײַטלעכע, פּלאנירטע וועלט, אינ וועלכער די מענטשהײַט וועט זיכ צומ ערשטנ מאָל באפרײַענ פונ אלצ, וואָס איז ניט ווירדיק פארנ מענטשנ און וואָס פארשאפט אימ לײַדנ אָנ קײנ שומ גויטווענדיקײַט, די דאָזיקע וועלט וועט קומענ... זי וועט קומענ דערפאר, ווײַל עס דארפ געשאפנ ווערנ א העכערע קלוגע אָרדענונג, וואָס אנטשפּרעכט דער שטופע, וואָס עס האָט דערגרייכט דער מענטשלעכער גײַסט“.

די דאָזיקע ווערטער האָט געזאָגט טאָמאס מאנ. און זײ זײַנענ באזונדערס כאראקטעריסטיש דערפאר, ווײַל גראדע אינעמ שאפנ פונ טאָמאס מאנ קומט פאָר אינ דער שארפסטער פאָרמ א צוזאמענשטויס צווישנ דעמ נײַטיקנ, געזעצמעסיקנ פּרווו צו אָפּרעכענענ זיכ מיט דער געשיכטע און די מיטלענ, מיט וועלכע דער קינסטלער פּרווט דאָס פארווירקלעכנ.

דער קוק פונעמ יורעש פונ די הומאניסטישע טראדיציעס, דער קוק פונעמ קינסטלער, וועמעס שאפונגס־קוואלנ זײַנענ פארבונדנ מיטנ בורזשואזנ רעאליזמ, האָט געצווונגענ טאָמאס מאנענ באמערקנ פיל רעאל־עקזיסטירנדיקע ווידערשפּרוכנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. נאָר די אלע ווידערשפּרוכנ, די גרויסע, ווי די קלײנע, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ פאר אימ אלס אומבאוועגלעכע, אבסאָליוטע, אויסער־היסטאָרישע דילעמעס. גראדע אזוי ווערט געשטעלט אינ זײַנ שאפנ די פּראָבלעמ פונ הויכער „פארגעבלעכקײַט“ און שרעקלעכער „געגעבנקײַט“ פונ דער בורזשואזער וועלט, די פּראָבלעמ פונ לעבנ און קונסט א. א. וו.

דער קוק אפנ ווידערשפּרוכ, אלס דילעמע, איז אומפארמײַדלעכ פארנ בורזשואזנ קינסטלער. צוהילפ די רעאליסטנ פונ דער פארגאנגענהײַט פלעגט קומענ יענער אומשרעקבארער היסטאָריזמ, וועלכער איז ענג פארבונדנ מיטנ גרויסנ קריטישנ רעאליזמ. די גרויסע רעאליסטנ פונ דער פארגאנגענהײַט האָבנ ניט בלויז געפילט די היסטאָרישע מאסשטאבנ פונ זײער צײַט, זײ האָבנ פארשטאנענ די ספּעציפיק פונ זײער עפּאָכע, די ווידערשפּרוכנ און פאָרמענ פונ די געזעלשאפטלעכע און פּערזענלעכע באציִונגענ, וואָס זײַנענ גראָד איר אײגנטימלעכ. דעריבער זײַנענ פאר זײ געווענ יענע דילעמעס, וועלכע האָבנ זיכ פאר זײ געשטעלט, ניט אויסער־היסטאָריש, ניט אײביק, ניט אבסאָליוט. די גרויסע רעאליסטנ פונ דער פארגאנגענהײַט האָבנ זיכ ניט באהאלטנ

פונ יענע ווידערשפרוכנ, וואָס זיי האָבנ ניט געקענט ברענגענ צו א וועלכער ס'איז איינהייט. דעריבער האָבנ זיי אינעם געגעבענעם ניט פאַרענדיקטנ, צעבערעקלטנ בילד פונ דער בורזשואזער געזעלשאַפט זיכ דערשלאָגנ אינ דער ווירקלעכקייט א זיג, מיטנ פרייז פונ אויסערלעכער מאַפּאָלע, ווייל גראָדע די ווידערשפּרעכלעכע וועלט, וואָס זיי האָבנ געשאַפנ, האָט געדעדט דעמ עמעס וועגנ דער בורזשואזער געזעלשאַפט.

גראָדע דער דאָזיקער אומשרעקבארער, פּראַקטישער היסטאָריזמ פעלט דער מערהייט הײַנטצײַטיקע קינסטלער פונ מײַרעוו באַמ פאַרווירקלעכנ זייערע הויכע אופגאַבנ. די מוירע פארנ היסטאָרישנ פּראָצעס, פאַר זײַנ ווידערשפּרעכלעכקייט און ניט פאַרענדיקטקייט צווינגט זיי צו זוכנ וועגנ אפ דערגרייכנ אנ אילוזאָרישע אויסערלעכע איינהייט. די זעלבע שרעק פאַר די ווידערשפרוכנ פונ דער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג פאַרשטעלט פאַר זיי די מעגלעכקייט צו זענ און פאַרשטיינ דעמ קלאַסנ־גרונט פונעמ סאָפ פונ דער אַלטער בורזשואזער וועלט, וועלכער איז ענג פאַרבונדנ מיטנ געבורט פונ דער נײַער וועלט. דער פּאַרגעפּיל פונעמ אומקומ פונ קאַפּיטאַליזמ גייט אינ זייער באַוווסטזײַנ אינאיינעמ אָדער מיטנ אויסדריק פונ דעליקאַטער איגנאָרירונג אָדער מיט אָפענער שרעק פארנ באַגרעבער פונעמ קאַפּיטאַליזמ. דאָס פאַרשטעלט טאַקע פאַר זיי דעמ וועג צו באַנעמענ ווירקלעכ גאַנצ דעמ היסטאָרישנ פּראָצעס. און אזוי ווי „די שרעק באַשאַפט די געטער", דעריבער קומענ אויכ אופ אינ די קאָנצעפּציעס פונ די דאָזיקע קינסטלער די אָדער יענע שטריכנ פונ „געטלעכקייט". ווי מיר האָבנ שוינ געזאָגט, איז אַמערסטנ בוילעט און שאַרפ די דאָזיקע „גאָט־שאַפנדיקע" טענדענצ אינעמ שאַפנ פונ טאָמאַס מאַנ.

זײַנע כעזשבוינעס מיט דער פאַרגאַנגענהייט פונ דער מענטשהייט, די כעזשבוינעס אינ נאָמענ פונ דער נײַער סאָציאַלער וועלט טראָגט ער אריבער אינ געביט פונ מיטאָלאָגיע; קעדיי דערשלאָגנ זיכ אנ אויסערלעכע איינהייט, איז ער געצווונגענ צו פאַרטושירנ דעמ היסטאָרישנ פּראָצעס. און א גרונט פאַר דעמ דאָזיקנ מיטישנ שאַפנ, וואָס צעמענטירט די פאַלשע איינהייט פונ דער אידיי, מוז טאָמאַס מאַנ אנטלייענ פונעמ אַרסענאַל פונ רעאַקציאָנער־בורזשואזנ געדאַנק אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ. די אילוזיע פונ באַנעמענ גאַנצ די געשיכטע פונ דער מענטשהייט, א געקויפטע פאַרנ פרייז פונ שאַפנ די פּראָווידיסטישע מיטנ וועגנ געשיכטע, איז א שווערע מאַפּאָלע פאַרנ קינסטלער־הומאַניסט, וועלכער קעמפט קעגנ דעמ וועלט־סיידער, וואָס פאַרוואַנדלט דעמ מענטשנ „אינ א וועזנ, אנ אויסגעפּייניקטנ דורכ האַס און שרעק".

אינ דער שאַפונגס־פּראַקטיק פונ טאָמאַס מאַנ איז אזא מאַפּאָלע די טרילאָגיע „יוסעפ און זײַנע ברידער"; זײַנ טעאָריע, וואָס אידעאַליזירט די מיטאָלאָגישע פאַרטושירונג פונ געשיכטע, איז פאַראַנ אינעמ בוכ „די לײַדנ פונ די גרויסע מייסטערס".

געוויס, די מיטנ פונ טאָמאַס מאַנ האָבנ ניט קיינשומ געמיינזאַמעס מיט די פאַשיסטישע מיטנ וועגנ געשיכטע. נאָכמער, זיי, אויב מע קענ זיכ אזוי אויסדריקנ, זײַנענ א פּאָלעמיק מיט דער פאַשיסטישער מיטאָלאָגיע. עס איז אויכ אָנ צווייפל, אז די טיפע איבערגעגעבנקייט צו די הומאַניסטישע טראַדיציעס האָט ניט געקענט

ניט ווירקן אפילע אף יענעם פארטושירטן איבערקוקן די געשיכטע פון דער מענטש־
לעכער קולטור, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די לעצטע טרילאָגיע פון טאָמאס מאַן.
באָר די זאַך איז אין דעם, וואָס דאָס פארבײַטן דעם היסטאָריזם אפן מיפישן שאפן
איז פעלערהאפט אליין פאר זיך. א גוטער מיפ שיידט זיך אונטער פון א שלעכטן
ניט מער, ווי א „געלער שעד שיידט זיך אונטער פון א בלויען". די טראדיציע גופע
פונעם מיפישן שאפן, וואָס איז גוט באקאנט אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָר־
הונדערט אין דײַטשלאנד (געבעל, וואגנער, ניטשע), איז א רעאקציאָנערע טראדיציע,
און דער סאמע פארפולקאָמטער מיפ איז א ניט טייגבאר געווער אין קאמפ קעגן
דער אלוועלטלעכער רעאקציע.

אפ אן עמעס ווערט אונטערגעפירט א סאכאקל, ווערן איבערגעשאצט די ווערטן,
וואָס די מענטשהײַט האָט אָנגעזאמלט דאָרטן, ווו דער קינסטלער האָט קיין מוירע
ניט זיך באגעגענען פאָנעם על פאָנים מיט דער געשיכטע. אז דאָס איז אזוי, זאָגט
איידעס כאָטש ראָמען ראָלאנס „באצויבערטע נעשאָמע".

דער אנטיהיסטאָריזם אנטפּלעקט זיך אינעם שאפן פון טאָמאס מאַן באזונדערס
שארפ, בוילעט און אף זײַן אויפן קאָנסעקווענט. אָבער יענע טענדענץ, וועלכע האָט
אים געבראכט אפן וועג פונעם מיפישן שאפן, איז אָן סאָפעק פאראן אינעם מײַרעווו־
דיקן היסטאָרישן „סאכאקל־ראָמאן".

צי דען זײַנען פויכטוואנגערס ווערטער וועגן „דערוויטערן זיך אין צײַט", וועגן
„ניט פארקאָרקעוועטן פלאקאָן", וועגן „זיך אויסדאמפנדיקן אראָמאט פון די ניט
פארענדיקטע געשעענישן",—ניט דיקטירט דורך דער שרעק, וואָס, אויב זי באשאפט ניט
די בעטער, עפנט זי פאר זיי יעדנפאלס פילצאָליקע שפארונעס? צי דען איז יענע
באהויפטונג וועגן דעם פאָרצוג פון א גוטער לעגענדע, פון א גוטער אויסטראכטעניש
איבערן היסטאָרישן פאקט, וואָס איז פאראן אינעם „זין און אומזין פונעם היסטאָ־
רישן ראָמאן".—צי דען עפנט זי ניט קיין וועג פאר אלערליי בעטער? און צי דען
באשטעטיקט עס ניט אן איבעריקן מאָל יענע פאקטישע אנולירונג פון דער אָביעק־
טיווער עקזיסטענץ פון דער געשיכטע, וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרן אין פויכט־
וואנגערס רעדע? דער זין פון פויכטוואנגערס ארויסזאָגונגען פאלט דאָך צונויפ,
אשטייגער, מיטן זין פונעם רוסישן שפריכוואָרט „דער געזעץ איז ווי א דישעל, ווהין
דו דרייסט אים, אהין קערט ער זיך" *). וואָרעם אויב די געשיכטע איז „א הורבע פאקטן,
וואָס האָבן ניט קיין זין", וועלכע דער היסטאָריקער אָדער דער קינסטלער (די דאָ־
זיקע צוויי באגריפן פאלן צונויפ בא פויכטוואנגערן) אָרגאניזירט לויט זײַן סוביעק־
טיוון ווילקיר, הייסט עס, אז די פראגע, וואָס וועלן זיי מאכן פון דער געשיכטע,
הענגט אָפּ בלויז פון זיי. דאָס פארופן זיך אף ניטשען ראטעווען אינגאנצן ניט די
לאגע. אויב די פארגאנגענהײַט לאָזט זיך ניט באנעמען און אויב צוזאמען מיט דעם
איז „א געזונט לעבן געבוירט די געשטאלט פון געשיכטע, וואָס איז אונטערגע־
וואָרפן די נויטן פון איר איצטיקער צײַט און צוקונפט", איז אין לעצטן סאכאקל
קען עס באטײַטן בלויז דאָס, אז מיט די שלעכטע פאשיסטישע מיפן דארפ מען
קעמפן, שאפנדיק גוטע הומאניסטישע מיפן. און, אוודע, בא אזא אָפלייקענען די

*) Закон, что дышло, куда повернул, туда и вышло.

אָביעקטיווע עקזיסטענצ פונ דער געשיכטע איז דאָס אריבערטראָגנ אינ דער פארגאנגענהײַט די הײַנטצײַטיקע פראָבלעמעס אונ קאָנפליקטנ קלוימערשט א פולקאָם געזעצלעכע זאכ. דאָרטנ א הורבע פאקטנ אונ דאָ א הורבע פאקטנ—איז דענ ניט אלציינס, אפ וועמעס „צײַטװײַליקער" טעריטאָריע אופבויענ פונ זיי דאָס, וואָס דיר איז נייטיק. אָבער די זאכ באשטייט אינ דעמ, וואָס די הײַנטצײַטיקײַט איז פאר פויכטוואנגערנ ניט קיינ הורבע פאקטנ. לויט זײַנ אייגענער טעאָריע עקזיסטירט זי אלס פראָצעס, זאָל זײַנ, ווי א ניט פארענדיקטע באוועגונג. טאקע אָט די ווידערשפרעכלעכקײַט אינ פויכטוואנגערס טעאָריע ווערט שטארק פרוכטבאר אינ זײַנ פראקטיק.

אינ דער דאָזיקער סוביעקטיוויסטישער טעאָריע וועגנ היסטאָרישנ ראָמאנ איז אָנ צווייפל פאראנ א געזונטער יאָדער פונ פראָטעסט קעגנ דער בורזשואזער היסטאָריאָגראפיע, קעגנ דער קלאסנ־באגרענעצטקײַט פונ אירע אָנשויונגענ, קעגנ דער פארקריפלטער פאָרשטעלונג וועגנ היסטאָרישנ פראָצעס, וואָס איז דאָ אומפארמײַדלעכ. נאָר אָנשטאָט דעמ סוביעקטיוויסטיש־אגנאָסטישנ „שפרונג אפ צוריק" צומ פערזענלעכנ ווילקיר (וועלכער וועט סײַווי זײַנ קלאסנ־דעטערמינירט), האָט מענ דאָ געדארפט א טראכט טאָנ וועגנ אנ אנדער זאכ, וועגנ דער פארהעלטעניש צווישנ דעמ קלאסאָוונ אונ דעמ סוביעקטיוונ, וועגנ דעמ קלאסאָוונ „סוביעקטיוונ" שטאנדפונקט פונ דער פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, וועלכע קענ בלויז אליינ שאפנ די אָביעקטיווע רעאליטעט פונ דער געשיכטע.

עלעמענטנ פונ שרעק פאר געשיכטע איז אייגנשאפטלעכ ניט בלויז פויכטוואנגערנ. מע קענ זיי געפינענ אויכ אינ ברונאָ פראנקאָס „סערוואנטעס", אינ סטעפאנ צווײַגס „דער טריומפ אונ די טראגעדיע פונ עראזמ דעמ ראָטערדאמער". דער היסטאָרישער פראָצעס אינ די דאָזיקע ווערק ווערט א באשטענדיקער קאמפ צווישנ צוויי קויכעס, צווישנ דעמ קויעכ, וואָס שאפט, אונ דעמ קויעכ, וואָס רויִנירט, צווישנ דעמ רעאקציאָנערנ קויעכ אונ דעמ פראָגרעסיוונ קויעכ.

די גאנצע געשיכטע איז בלויז א קייט פונ איינצל־פארמעסטונגענ, א קייט פונ עפיזאָדנ, א קאמפ פונ די באשטענדיקע, אויסער־היסטאָרישע קויכעס. אָפהענגיק פונ דער צײַט בײַט זיכ בלויז די פאָרמ, אָבער ניט דער טאָכ פונ די צוזאמענשטויסנ. איינ אונ די זעלבע בייזע קראפט ווירקט סײַ אינ אָנהויב פונ רענעסאנס אינ טיראָל פונ 14־טנ יאָרהונדערט („די העסלעכע הערצאָגיניע"), סײַ אינ דײַטשלאנד פונ 18־טנ יאָרהונדערט („יוד זיס"), סײַ אינ שפאניע פונ 15־טנ יאָרהונדערט („סערוואנטעס"), סײַ אינ רוימ אינעמ אָנהייב פונ אונדזער ערע (די טרילאָגיע „יאָסיפ"), סײַ אינ די צײַטנ פונ דער רעפאָרמאציע אינ דײַטשלאנד („עראזמ ראָטערדאמער").

ווי א פארקערפערונג פונ דער זעלבער קראפט, אנ אופלעבונג פונ אלטערטימלעכנ בארבאריזמ איז פאר די דאָזיקע שרײַבער אויכ דער הײַנטצײַטיקער פאשיזמ. דעריבער איז אינגאנצנ געזעצמעסיק צו אָפרעכענענ זיכ מיט אימ אפנ מאטעריאל פונ דער פארגאנגענהײַט, שילדערנ די רוימישע „שטורמאָוויקעס" פונעמ אָנהייב פונ אונדזער ערע, אָדער די „ווײַסגווארדייער" פונ דער עפּאָכע פונ די רעליגיעזע מילכאָמעס.

די דאָזיקע קאָנצעפציע, וואָס איז סוביעקטיוויסטיש, איז פארוזאכט דורכ די זעלבע זוכענישנ פונ דער פאלשער, לײַכטער, אָפנארערישער

איינהײַט, דורכ דער זעלבער שרעק פאר די רעאלע ווידערשפרוכנ פונעמ היסטאָרישנ פּראָצעס, לויט וועלכנ עס זײַנענ געשאפנ די מיפנ פונ טאָמאס מאנענ.

אויב די דאָזיקע טענדענצ וואָלט בעוועגנ די איינציקע, אויב זי וואָלט באשטימט די וועגנ פונעמ מײַרעוודיקנ היסטאָרישנ ראָמאנ, וואָלטנ מיר געדארפט אנערקענענ, אז די זאכ איז מיט זיי גענוג האָפנונגסלאָז אונ עס וואָלט זיכ באזונדערס גאָר ניט געלוינט וועגנ זיי צו ריידנ.

נאָר די דאָזיקע טענדענצנ ווערט געדעקט דורכ אנ אנדערער, א מער לעבעדיקערער אונ שטארקערער.

2

אינ פאָריקנ יאָר איז אפנ פּלענומ פונ שרײַבער־פארבאנד (אינ מינסק), וואָס איז געווענ געווידמעט די פראגנ פונ פּאָעזיע, ארויסגעטראָטנ א סאָוועטישער דיכטער מיט אנ ענטפער קעגנ די פאָרוואורפנ, וואָס זײַנענ געמאכט געוואָרנ יענע סאָוועטישע פּאָעטנ. וועמעס ווערק עס זײַנענ געווידמעט הויפּטזעכלעכ דער היסטאָרישער טעמאטיק. די פאָרוואורפנ זײַנענ געווענ ערנסטע. די ווענדונג צו דער פארגאנגענהײַט פונ דער מענטשהײַט איז דערקלערט געוואָרנ אלס „וועג הינטנ ארומ“ אונ „ביכלדיקײַט“.

„וועגנ וואָס פארא ביכלדיקײַט גייט א רייד?—האָט דערווידערט דער דיכטער,—אויב אונטער ביכלדיקײַט פארשטייט מענ, לאָמיר זאָגנ, א ביכער־וואָרימ, אָדער א ביבליאָטעק־מויז, איז דאָס א ריינע אויסטראכטעניש אונ מיר האָבנ דאָ פּאָשעט ניט קיינ פאָרוואורפ. נאָר אויב א בוכ־טרעגער? א בוכ־טרעגער א פּראָפּאגאנדיסט, אינ וועמעס רוק־זאק עס געפינענ זיכ סײַ „דאָנ־קיכאָט“, סײַ „האמלעט“, סײַ „גוליווער“, סײַ געטע, אונ דער קאמפ קעגנ אלע טארפירונגענ פונ דער וועלט, אונ די טעאָריע פונ די קוואנטומ־צאָלנ, אונ די פאנאנדערשפּאלטונג פונעמ אטאָמ־יאָדער? אונ דאנ וועלנ מיר ווידער דערהערנ די רייד איבער א „וועג הינטנ ארומ“?

שווערנדיק טרײַשאפט דער רומפולער טראדיציע פונ אזא בוכ־טרעגערײַ, האָט דער דיכטער אונטערגעשטראָכנ, אז דאָס איז איצט ניט קיינ קאבינעט־איניענ, ניט קיינ פרידלעכע זאכ, אז „דער בוכ־טרעגער־פּראָפּאגאנדיסט וועט געפינענ זײַנ געזעצלעכנ אָרט אינ אלע קומענדיקע קאמפנ“. אינ אָנבליק פונ די אײַזיקע זאסטאַוועס פונ אונדזער גרענעצ, דערמאָנענדיק זיכ די ווערטער, וואָס מיר האָבנ געהערט אינעמ טאָג פונ דער דערעפענונג פונ פּלענומ, די מערקווירדיקע ווערטער פונעמ קאָמאנדיר פונ דער בײַגרענעצ־וואכ וועגנ דעמ אײַזערנעמ יאקאָבינער פעליקס דזערזשינסקי, קענ מענ זאָגנ, אז דאָס בוכ איז אינ דער קומענדיקער מילכאָמע אויכ אזוי נייטיק, אונ האָט די זעלבע מיסיע, וואָס טשוהונ אונ פולווער. בלויז מיר זײַנענ געבליבנ אפנ ערד־קויל צו פארטיידיקנ די אלוועלטלעכע קולטור. מיר דארפנ ניט פארגעסנ, אז יענע, מיט וועמענ עס שטייט פאָר צו מילכאָמע האלטנ, האָבנ שוינ לאנג פארגעסנ וועגנ היינענ, שפּינאָזענ, מארקסנ אונ אײַנשטיינענ, וועמענ זיי האָבנ אומזיסט זיכ באמיט צו פארברענענ.

אינ די דאָזיקע ווערטער איז גלענצנדיק אויסגעדריקט יענע טראדיציע פונ באציִונג

צו דער פארגאנגענהײַט, וואָס מאכט דעם הײַנטצײַטיקן מײַרעוודיקן היסטאָרישן ראָמאן אלס באדײַטנדיקע קולטור־דערשײַנונג.

דער געפיל, אז „די אלטע געטער פון אײראָפּע" דארפן אויך באטײליקן זיך און זײ באטײליקן זיך אין דעם גרויסן הײַנטצײַטיקן קאמפּ קעגן די פאראײניקטע קויכעס פון דער רעאקציע—איז א ריכטיקער און א געזונטער געפיל. און ס'איז נאטירלעך אויך, וואָס די הײַנטצײַטיקע בורזשואזע הומאניסטן פון אײראָפּע זוכן זײערע העלדן, זײערע טראדיציעס, זײערע אורעלטערן אין דער גרויסער פארגאנגענהײַט פון זײער קלאס. צו די דאָזיקע אמאָליקע פאַרדינסטן, צו דער געשיכטע פון קאמפּ צווישן דעם פעאָדאלן מיטלאלטער און די אָנקומענדיקע קאפּיטאליסטישע פארהעלטענישן, איז צוגעשמידט דער קוק פון די הײַנטצײַטיקע קינסטלער פון מײַרעוו.

דער רענעסאנס, די רעפאָרמאציע,—איז די צײַט, ווען ס'איז אנטשטאנען די הײַנטצײַטיקע וויסנשאפט, די צײַט פון גרעסטן פאנאנדערבלי פון דער קונסט נאָך דער אנטישער עפּאָכע, די צײַט פון לײַדנשאפטלעכן, דרייסטן באשטעטיקן די מאכט פון שׂכל, פרײַהײַט און הארמאָניע פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקײַט,—דאָס איז א גלענצנדיקער פּראָלאָג צו דער נײַער געשיכטע, וואָס איז ווערט, אז מע זאָל וועגן אים איצט דערמאָנען.

„אין די מאנוסקריפּטן, וואָס זײַנען געראטעוועט געוואָרן בײַסן אומקום פון ביזאנטיע, פון די אנטישע סטאטועס, וואָס זײַנען אויסגעגראָבן געוואָרן פון די רוינעס פון רוים איז פארן פארוואונדערטן מײַרעוו אויפגעשטאנען א נײַע וועלט—דער גריכישער אלטערטום; פאר זײַנע ליכטיקע געשטאלטן זײַנען פארשוווּנדן די געשפּענסטער פון מיטלאלטער.

איטאליע האָט דערגרייכט א ניט געהערטן פאנאנדערבלי פון דער קונסט, וואָס איז געווען ווי אן אָפּגלאנץ פון דעם קלאסישן אלטערטום און וואָס האָט זיך שוין ווײַטער מער ניט אויפגעהויבן צו אזא הויך. אין איטאליע, פראנקרײַך און דײַטשלאנד איז אויפגעקומען א נײַע, די ערשטע הײַנטצײַטיקע ליטעראטור; ענגלאנד און שפּאניע האָבן איבערגעלעבט אינגיכן נאָך דעם זײער קלאסישע ליטערארישע עפּאָכע... דאָס איז געווען די סאמע פּראָגרעסיווע איבערקערעניש, וואָס די מענטשהײַט האָט ביז דאן איבערגעלעבט, אן עפּאָכע, וועלכע האָט זיך גענייטיקט אין טיטאנען און וועלכע האָט געבוירן טיטאנען, לויט דער קראפט פון געדאנק, לײַדנשאפטלעכקײַט, כאראקטער, לויט דער פילזײַטיקײַט און געלערנטקײַט. די מענטשן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט די הײַנטצײַטיקע הערשאפט פון דער בורזשואזיע, זײַנען געווען וואָס איר ווילט, אָבער ניט בורזשואז־באגרענעצט" (ענגעלס).

צי דארפן מיר אורטײלן וועגן די דאָזיקע מענטשן לויט דעם, וואָס ס'איז געווען אין זײער טעטיקײַט אומפארמײַדלעך איבערגאנגלעך, היסטאָריש־באגרענעצט? אוודאי, ניט. און די הײַנטצײַטיקע הומאניסטן פון מײַרעוו זײַנען גערעכט, ווען זײ פארשילטן די בורזשואזע געזעלשאפט, ארויסגײענדיק פון איר פארגאנגענהײַט; די געבעכדיקע אָפּגעלעבטע קארליקעס ווײַזן זײ אָן אפ די געוועזענע „טיטאנעס"; דער פארווילדונג, דעם שאָוויניזם, די זדעקעס איבער די רעכט פונעם מענטשלעכן סייכל שטעלן זײ אנטקעגן יענע „אידעאלן פון פּאָליטישער מאָראל, גערעכטיקײַט,

פרייהייט אונ בירגערלעכער ווילטעטיקייט" (היינע), וואָס זיינענ געשאפנ געוואָרנ באמ אנטשטיינ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט.

אָבער שוינ היינריכ היינע, וועלכער האָט ביטער באדויערט דעמ אומקומ פונ די דאָזיקע אידעאלנ, האָט געוווּסט, אז זיי זיינענ געווענ בלויז „העלע כאלוימעס", בלויז א שיינע אונ אומפארמיידלעכע היסטאָרישע אילוזיע.

די פארטראכטע מעלוכע פונ סייכל, די אלוועלטלעכע קעניגרייכ פונ דעמ מענטש איז פארווירקלעכט געוואָרנ, אלס סאמע פּראָזאישע בורזשואזע וועלט. דער מענטש אונ בירגער האָט פארלאָרנ די פולקייט, קראפט אונ גאנצקייט פונ כאראקטער, איז געוואָרנ א קנעכט, וואָס איז דערשטיקט אונ פארפּייניקט דורכ דער ארבעט־צעטיילונג. די טעאָרעטישע „פארגעבלעכקייט" פונ דער בורזשואזער וועלט, וואָס איז, ווי עס ווייזט אָנ מארקס, געגאנגענ ווייטער פונ די אומיטלבארע פּראקטישע אינטערעסנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט, איז געבליבנ א ניט באצאָלטער וועקסל, וועלכנ די געשיכטע האָט ארויסגעגעבנ. אָט פארוואָס די נייע דעקלאראטיווע שוווע פונ די הייַנטצייַטיקע שרייבער פונ מיירעוו פאר די פּרינציפּנ פונ הומאניזמ, פאר די אויפקלערונג־טראדיציעס איז א טיפּ פרוכטבארע פאר זייער שאפנ. אינ איר איז פאראנ דער ווילנ צו א באלדיקער רעאליזאציע פונ די „העלע כאלוימעס", אינ איר איז פאראנ א דרייסטע פאָדערונג צו אָפּצאָלנ דעמ וועקסל, וואָס איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ באמ אויפקומ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. אינ דער דאָזיקער שוווע איז פאראנ א ווילנ ווידער דעראָבערנ די גרויסע ירושע פונ דער פארגאנגענהייט אונ זי געבווירט יענעמ לעבעדיקנ האס צו אלע רעאקציאָנערע קויכעס פונ דער געשיכטע, אדאנק וועמענ עס עפענענ זיכ די אויגנ אפ דעמ ווירקלעכנ היסטאָרישנ טאָכ פונ די דאָזיקע קויכעס. אינ אויב די הייַנטצייַטיקע הומאניסטנ פונ מיירעוו פילנ דעמ דאָזיקנ האס, אלס זייער סוביעקטיווע זאכ, פאלט ער דאנ צונויפ מיט דעמ פארלאנג אונ ווילנ פונ מיליאָנענ, דאָס איז א האס צומ הייַנטצייַטיקנ בארבאריזמ, פארווילדונג אונ אבסקוראנטיזמ אינ נאָמענ פונ דער איצטיקער צייט אונ דער צוקונפט. אזוי ווערט דער הייַנטצייַטיקער היסטאָרישער ראָמאנ אנ אנטיפאשיסטישער.

די דאָזיקע לעבעדיקע, קעמפערישע, פּראָפּאגאנדיסטישע באציִונג צו דער געשיכטע רייסט אופ פונ אינעווייניק דעמ אנטיהיסטאָריזמ, וועלכער ליגט אינ די גרונט־קאָנצעפּציעס פונ די קינסטלער פונעמ ראָמאנ. די בייזע קראפט באקומט רעאלע שטריכנ פונ א באשטימטער פארמאציע אונ א באשטימטער עפּאָכע. וואָס מער דער סוביעקטיווער שטאנדפונקט פונ העגריכ מאנענ אונ פויכטוואנגערנ דערנעטערט זיכ צו דעמ אָביעקטיווּנ זינ פונ די געשעענישנ, וועלכע זיי נעמענ, אלצ בוילעטער טרעטנ ארויס אינעמ קאמפ פונ די צוויי אויסערהיסטאָרישע קויכעס די רעאלע שטריכנ פונ א באשטימטנ עטאפּ פונ קלאסנקאמפ אונ אלצ שטארקער אנטפּלעקט זיכ אינעמ שאפנ פונ די דאָזיקע קינסטלער שטריכנ פונ עמעסנ רעאליזמ, וואָס באזיגט די אבסטראקטע טראקטירונג פונעמ מאטעריאל.

פויכטוואנגער האָט אליינ געערדט ווענג דעמ, אז אינ גרונט פונעמ „ייִד זיס" ליגט דער געדאנק וועגנ דעמ איבערגאנג פונעמ מענטשנ פונ טאט צו אומטעטיקייט, פונ אקטיווקייט צו באָבאכטונג, אונ אז אפ דעמ דאָזיקנ געדאנק האָט אימ ארופּ־

געבראַכט דער גורל פונעם הײַנטצײַטיקנ מענטשנ פונ װאַלטער ראַטענאו. דאָך, װיפל איז אינ דער פאַרװירקלעכונג פונ דעם דאָזיקנ ראָמאַנ אײַנגעשלאָסנ היסטאָריזמ, װאָס פאַרניכטעט דעם פאַרטראַכטנ געדאַנק. דער קאַרליקישער דעספּאָט פונעם דײַטשישנ פעאָדאַלנ העק קאַרל אָלעקסאַנדער, די מיליטערישע, װאָס שטרעבנ מיט אַלע עמעסנ אונ ניט עמעסנ צו מאַכט, די פאַרלאַמענט-בורזשואַזיע, װאָס גײט אפ יעטװידער קאָמפּראָמיס—דאָס אַלצ געהערט צו דײַטשלאַנד פונעם 18-טנ יאָרהונדערט, דאָס אַלצ איז פאַרורזאַכט דורכ דער „דײַטשישער נישטיקײַט“, דורכ דער ספּעציפישער היסטאָרישער נישטיקײַט אפ דעם קלײנעמ באַצירק פונ יענער גרויסער „מיסט-הורבע“, װאָס איז אינ יענער צײַט געװענ די הײליקע רוימישע אימפּעריע.

די פּיעסע „גאָוע-אינדרזלענ“ װײַזט, אַז אינ גרונט פונ דער „העסלעכער הערצאָגיניע“ ליגט אויכ אײנער פונ די אויסערצײַט-עפּיזאָדנ פונעם קאַמפּ צװישנ דעם שאַפנדיקנ אונ פאַרניכטנדיקנ אָנהויב. דאָך, װי היסטאָריש איז די שילדערונג פונ דער עפּאָכע פונעם שפּעטנ פעאָדאַליזמ, װאָס איז געגעבנ אינעם ראָמאַנ, מיט װאָס פאַרא היסטאָרישנ אונ סאָציאַלנ עמעס זײַנענ פול די געשטאַלטנ פונ דער פעאָדאַלער רויבערנ אַגנעס פאָנ פלאַװאָנ, פונעם אַװאַנטיוריסט פראַונבערג.

אומזיסט מײנט העגריכ מאַנ, אַז יעקאַטערינאַ מעדיטשי אונ די גאַנצע פעאָדאַלע קליקע פונעם פראַנצויזישנ הויפ איז עפּעס אַ באַזונדער „מענטשנ-מינ“, װעלכער איז לויט זײַנ טאָכ פײַנטלעכ דעם אינטעלעקט, דער גערעכטיקײַט, דעם פרײַענ געדאַנק. די דאָזיקע פאָרשטײער פונעמ פאַרניכטנדיקנ אָנהויב באַקומענ אינ דער „יוגנט פונ העגריכ דעמ 4-טנ“—רעאַלע שטריכנ פונ די היסטאָרישע פּאַרטײדיקער פונעמ פעאָדאַלנ פּרינציפּ. דער טיפּ גופע פונ דער פּאָליטיק, װאָס עס פירט דורכ די קעניגנ, אירע צװישנבאַציִונגענ מיטנ שפּאַנישנ הויפ, איר פּאַקטישער אַטעיִזמ, װאָס איז פאַרבאַהאַלטנ אונטער דער מאַסקע פונ רעליגיִעזער װילדקײַט, די דאָזיקע אַלע שטריכנ זײַנענ רעאַלע היסטאָרישע שטריכנ.

אפ אַזאַ אויפנ זעצ-יקט אָנ סאָפּעק אָנ די לעבעדיקע אונ ריכטיקע טראַדיציע פונ אויפלעבנ די פאַרגאַנגענהײַט די שאַפונגענ פונ די הײַנטצײַטיקע הומאַניסטנ פונ מײַרעװ מיט עלעמענטנ פונ קריטישנ רעאַליזמ אינ עמעסנ היסטאָריזמ.

נאָר די דאָזיקע טראַדיציע, װאָס איז אַזוי פרוכטבאַר באַם אויפרעקנ דעם עמעסנ פּאָנעם פונ דעם „פאַרניכטנדיקנ אָנהויב“, איז אַסאַכ װײניקער װירקזאַם באַם שילדערנ דעם שעפערישנ אָנהויב. מיט װאָס דערקלערט זיכ, װאָס אינ ברונאָ פראַנקאָס ראָמאַנ איז פיליפּ דער צװײטער אונ אַלע קייכעס פונעם שפּאַנישנ אַבסאָליוטיזמ מער היסטאָריש, אײדער די געשטאַלט פונ סערװאַנטעסנ? מיט װאָס דערקלערט זיכ, װאָס אַגנעס פאָנ פלאַװאָנ איז היסטאָרישער פונ מאַרגאַרעטע דער טיורינגער? דאָס דערקלערט זיכ מיט דעם, װאָס דער הונדערטיאָריקער קאַמפּ פאַר דער באַפרײַונג פונ דער מענטשהײַט איז באַגרענעצט אינ דער באַנעמונג פונ די הײַנטצײַטיקע הימאַניסטנ פונ מײַרעװ מיט די ראַמענ פונעם בורזשואַזנ היסטאָריזמ.

דעריבער בלײַבט פאַר זײ ניט פאַרשטענדלעכ די עמעסע סיבע, פונ װאַנענ עס זײַנענ אַנטשטאַנענ די „העלע כאַלוימעס“ באַם אויפקומ פונ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, די היסטאָרישע געזעצלעכקײַט פונ די אַלמענטשלעכע אילוזיעס פונ דער בורזשואַזיע. די פאַרבינדונג צװישנ דעם בורזשואַזנ הומאַניזמ אונ דער בורזשואַזער

רעוואָליוציע איז פאר זיי א ריינ־אידייִשע פארבינדונג. זיי ווייסנ ניט וועגנ דעמ, אז דער „דריטער שטאנד" איז געגאנגענ ווײַטער פונ די אומיטלבארע אינטערעסנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט אונטערנ דרוק פונ דער פויערישער אונ פּלעבעיִשער מאסע, וועמעס אָנטייל האָט אויכ באשטימט דאָס „גרויסע, פעסטע אונ אומפארגעסלעכע", וואָס איז פאראנ אינ דער טעאָרעטישער אונ פראקטישער פארווירקלעכונג פונ קאמפּ פאר דער באפרײַונג פונ דער מענטשהײַט. פאר די הײַנטצײַטיקע הומאניסטנ פונ מײַרעוו עקזיסטירנ „פרינציפּנ פונ רעפאָרמאציע", עס עקזיסטירט ליוטער אונ עראזמ, נאָר פאר זיי עקזיסטירט ניט טאָמאס מיונצער, עס זײַנענ ניטאָ די אופשטייענדיקע פויערימ, צוזאמענ מיט וועלכע עס האָבנ זיכ דאנ באוויזנ אפ דער ארענע פונ דער וועלט־געשיכטע „די אָנהויבנ פונעמ הײַנטצײַטיקנ פראָלעטאריאט מיט א רויטער פאָנ אינ די הענט אונ מיט דער פאָדערונג פונ געמיינזאמקײַט פונעמ פארמעגנ אפ די ליפּנ" (ענגעלס).

הינטער די אבסטראקטע פרינציפּנ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, וועלכע, ווי עס טראַקטירט פויכטוואנגער, אונ ניט נאָר ער אליינ, ליגנ אינ גרונט פונ יעדער מענטשלעכער ציוויליזאציע, שטייט דער גרויסער שאָטנ, שטייט דער שוסטער, דער גוטער סאנקיולאָט, דער פאָלקס־קעמפער, וואָס טרעט ארויס קעגנ דער ארמיי פעאָדאלע אינטערווענטנ, דער העלד פונ איינער פונ די מערקווירדיקסטע לידער אינ דער עפּאָכע פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע.

די הײַנטצײַטיקע שרײַבער־הומאניסטנ בלײַבנ אינ געפענקעניש בא דער לעגענדע, וואָס די בורזשואזיע האָט געשאפנ וועגנ זיכ אליינ. דעריבער איז פאר זיי ניט קלאָר יענע פראגע, וועלכע איז געווענ אינגאנצנ קלאָר פאר די רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראטנ פונ 19־טנ יאָרהונדערט. ווענ היינע, צומ בײַשפּיל, האָט געשריבנ וועגנ דער געשיכטע פונ רעליגיע אונ פילאָסאָפיע אינ דײַטשלאנד, איז פאר אימ ניט בלויז געווענ אינגאנצנ קלאָר די פארבינדונג צווישנ דעמ בורזשואזנ הומאניזמ אונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע, פאר אימ איז געווענ קלאָר ווער עס וועט זײַנ דער יורש פונ די דאָזיקע פרינציפּנ, ווער עס וועט דערלאנגענ צומ כעושבנ דעמ וועקסל, וועלכער איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ דורכ די „טיטאנענ" פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. פאר די הײַנטצײַטיקע שרײַבער־הומאניסטנ זײַנענ די דאָזיקע פרינציפּנ געשאפנ דורכ „איינזאמע טיטאנענ", וועלכע זײַנענ פאָרויסגעשריטנ זייער צײַט, אונ צו באצאָלנ דעמ רעכענונג,—די רעאלע פארקערפּערונג פונ די „העלע כאלוימעס",—פאָדערנ די אייניקלעכ, וועלכע זײַנענ ניט ווייניקער איינזאמ אונ האָבנ אויכ אריבערגעשטיגנ זייער צײַט. אזוי אנטשטייט אינ די הײַנטצײַטיקע היסטאָרישע ראָמאנענ די טעמע וועגנ טראגישנ טרעגער פונעמ שעפערישנ אָנהויב, די טעמע פונ דעמ איינזאמענ הומאניסט.

(סאָפ קומט)

## אי. רעזניק

# „בויער"

(מאָטע דעכטיאר—„בויער". מעלוכע־פאַרלאַג פונ וויַסרוסלאַנד. 1936 י.)

אינ דעכטיארס ערשטנ בוכ „בויער" זיַנענ צונויפגעזאמלט קימאט אלע דערציילונגענ אונ נאָוועלנ, וואָס ער האָט געהאט אָנגעשריבנ פאר די יאָרנ 1931־1935. ניט אלע דערציילונגענ זיַנענ דאָ קינסטלעריש גליַכווערטיק. אינ אייניקע נאָוועלנ ווי „מוליארעס", „צום דאָנבאס" פילט זיכ נאָכ די אָנפאנגערישקיַט. אינ אָט די דערציילונגענ האָט נאָכ ניט דער שריַבער די געהעריקע מאָס פונ קענענ איַנצוימענ דעם ריַכנ מאטעריאל, וואָס ער פארמאָגט.

אינ די אויבנאָנגעוויזענע דערציילונגענ באַרירט דער שריַבער אָפּגעשטאנענע סענטשנ, וואָס ווערנ איבערגעבוירנ אינ באַוווסטזיניקע בויער פונ לאַנד, אָבער די איבערבוירנג איז באַוויזנ געוואָרנ צעפלאָסנ. צווישנ די ארבעטער פירט מענ דורכ פארזאמלונגענ, אפ וועלכע עס טרעטנ ארויס די אָנפירנדיקע טוער, ווי דער סעקרעטאר פונ פארטקאָם, פאָרזיצער פונ פראָפקאָם אונ ביכלאל ארבעטער, אונ אלע ווארפנ מיט לאָזונגענ אונ אלגעמיינע ווערטער. אינ דער דערציילונג „מוליארעס" טרעט ארויס אפ א פארזאמלונג דער פאָרשטייער פונ בוי־טרעסט מיט איינ וואָרט „טעמפנ".

שימענ וואפניק: „אויב טעמפנ דארפ זיַנ טעמפנ".

אונ וויַטער: „עס האָט גערעדט א קורצע רעדע דער סעקרעטאר פונ פארטייקאמערל כ' רובינ: „פאָרויס צו ניצחוינעס!

פאָרויס צום זיג!"

דאָס זעלבע אינ דער דערציילונג „צום דאָנבאס". עס קומט פאָר א פארזאמלונג וועגנ מאָביליזירנ כעוורע אפנ דאָנבאס.

„מאָביליזאציע אפנ דאָנבאס—האָבנ זיכ ווערטער פונ מויל צו מויל וויגנדיק איבערגעטראָגנ אונ געבליבנ הענגענ אפ צאפלדיקע ליפנ".

דער שריַבער באַנוגנט זיכ דאָ מיט דעם, וואָס ער כאזערט איבער יעדנ לאָזונג עטלעכע מאָל, אונ זיי קיַקלענ זיכ איבערנ זאל, דערביַ איז דער שריַבער נאָכ ניט בעיכוילעס צו וויַזנ קאָנקרעט, וויאַזוי די לאָזונגענ ווערנ פארקערפערט. דער שריַבער האָט זיכ אינ די דאָזיקע נאָוועלנ ניט ספראוועט אויכ מיט די פילצאָליקע פערסאָנאזשנ, וואָס פיגורירנ אינ די דערציילונגענ. די שפראכ אנטשפרעכט ניט די פערסאָנאזשנ, זיי ריידנ אפ דער שפראכ פונ פארוואָרלאָזטע. אפילע דער כ' סמאָגלאָוו, דער סעקרעטאר פונ ריַקאָם, „שיסט מיט דירעקטיוונ אפ וואָס די וועלט שטייט" אונ דערצו ווערט ער כאראקטעריזירט ווי א בארימער.

דאָכ פילט זיכ אויכ אינ אָט די נאָוועלנ עכטער טעמפעראמענט אונ יוגנטלעכע ליבע

צום מאטעריאל, וועלכנ דער אווטאָר קענ גוט. אויכ אינ די אויבנאָנגערופענע נאָוועלעס פילט זיכ, אז דעכטיאר פארמאָגט אייגנארט אונ טאלאנט.

די נאָוועלנ „א דענקמאָל״, „אונטער א דעמב״, „ביוסטנ״, „א קריגל זויערמילכ״ זײַנענ אויכ געבויט אפ דער טעמאטיק פונ אונדזער סאָציאַליסטישערווירקלעכקײַט. אינ זיי ווערט געשילדערט די איבערגעגעבנקײַט אונ ליבע צו די בעסטע מענטשנ פונ לאנד: צו די שלאָגלער, פליער, פאראשוטיסטנ, אזוי אויכ די ליבע צו אונדזערע פארטיזאנער פונ בירגער־קריג. אינ אָט דעמ טעמאטישנ קרײַז האָט דער דיכטער ארײַנגעלייגט זײַנ יוגנטלעכנ טעמפעראמענט, זײַנע בעסטע געפילנ פונ א סאָוועטישנ פאטריאָט.

ליבע צו דער ווירקלעכקײַט—דאָס איז דער גרונט-מאָטיוו אינ אלע נאָוועלנ, וואָס ווערט אויסגעדריקט אפ א פארשיידענעמ אופנ.

אָט איז די נאָוועלע „א דענקמאָל״. צענ יונגע כעוורע מוליארעס זײַנענ פארליבט. דעמ שרײַבער גיט זיכ אײַנ איבערגעבנ די צארטע אונ טיפע ליבע פונ די 10 יוגנטלעכע מוליארעס צומ אינסטרוקטאָר זייערנ, כעמע מאליאווסקי, צו אָט דעמ פראָסטנ 70־יאָריקנ ארבעטער, וואָס איז אינגאנצנ אינ דער ארבעט. דער אינסטרוקטער כעמע מאליאווסקי לערנט די כעוורע, ווי זײַנע אייגענע קינדער, די ארבעט אונ צוזאמענ מיט דעמ לערנט ער זיי זײַנ מענטשנ. אָט דער הארציקער מענטש פארמאָגט אינ זיכ אייביקע יונגקײַט, פראָסטקײַט, זויבערקײַט. ניט אומזיסט זאָגט וועגנ אימ די כעוורע נאָכ זײַנ טויט: „האָסט אויכ א כיילעק אינ אונדזער יוגנט. האָסט געבויט מיט אונדז די צוקונפט. שלאָפ זשע רויִק אונדזער ליכטיקער שלאָגלער. א דענקמאָל א שיינעמ פונ מארמאָר אונ בראָנזע וועלנ מיר דיר אויסבויענ״.

די 10 יוגנטלעכע האָבנ ליב ניט נאָר זייער אינסטרוקטאָר, נאָר אויכ זײַנ „טאָכטער״. אינ זייער פאָרשטעלונג קענ אזא מענטש פארמאָגנ נאָר אזא „טאָכטער״, וואָס צינדט „נײַע פײַערנ״, „קוואלנ נײַע שײַנ״. די „טאָכטער״, די עלעקטראָמאָנטיאָרקע, איז די סימוואָליזירונג פונ ליכטיקער וואָר, פונ בעסטע טרוימענ אונ הערלעכער צוקונפט. דאָ איז די ליבע איינע פונ די סטימולנ אינ דער ארבעט. אזא ליבע איז מעגלעכ נאָר אינ אונדזערע סאָציאַליסטישע באדינגונגענ. דאָ הארמאָנירנ די סאָציאַלע אונ אינטימע געפילנ.

אינ די נאָוועלנ „אונטער א דעמב״ אונ „ביוסטנ״ איז אויסגעדריקט די ליבע פונ טאטעס צו קינדער ניט אינטימ־סענטימענטאל, נאָר אפ א ברייטנ סאָציאַלנ באָדנ. אינ דער נאָוועלע „אונטער א דעמב״ האָט דער שרײַבער געפונענ גענוג קינסטלערישע מיטלענ צו אויסדריקנ די פאָטערלעכע ליבע צו די זינ פונ פאָלק—די פארטיזאנער. די גרײַז-גרויע אלטע, וועמעס זינ די באנדיטנ האָבנ געהארגעט, דריקנ אויס דעמ פאָלקס־צאָרנ קעגנ די האלערטשיקעס אונ פאָזנאנטשיקעס אונ די פאָלקס־ליבע צו די פארטיזאנער. די אלטיטשקע זײַנענ ניט די, וואָס דריקנ אויס אלטקײַט, אָפגעלעבטקײַט, קאָנסערוואטיווקײַט.

דער שרײַבער ווײַזט אונדז, ווי אזוי די זיגנ אונ דורכפאלנ פונ זייערע זינ—די פארטיזאנער רופנ זיכ אָפ אנטשפרעכיק אפ די טאטעס.

אינ דער נאָוועלע „ביוסטנ״ דערציילט דער טאטע מיט גרויס פרייד, ווי אזוי ער האָט אליינ געזענ, ווי זײַנ טאָכטער די פאראשוטיסטקע האָט זיכ אראָפגעלאָזנ מיט

איר „זאָנטיקל“. די ביאָגראַפיעס פונעם טאַטן און פון דער טאָכטער זײַנען סאָציאַל נאָענט. דער טאַטע האָט געקעמפט פאַר דער סאָוועטנמאַכט אין בירגער-קריג, איצט איז זײַן טאָכטער א באַרימטע העלדן, א פּאַראַשוטיסטקע. ניטאָ קײנשום כילעק צווישן טאַטעס און זין, אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פאַלן די אינטערעסן אַבסאָליוט צונויפ.

אין דער נאָוועלע „א קריגל זויערמילכ“ ווערט איבערגעגעבן די אָפּפערנדיקע ליבע פון דער אַלמאָנע צו די באָלשעוויקעס. וויפל אינערלעכע קראַפט, וויפל ווילן, וויפל שטאַרקע ליבע צו איר קלאַס פאַרמאָגט אָט די מוטער.

א שטאַרקע סימפּאַטיע רופט בא אונדז אַרויס די גרויסע פרײַנטשאַפט צווישן דער אַרבעטערן אַניוטקע און די מוליאַרעס („מוליאַרעס“).

אָט די ליבע-מאָטיוון, וואָס גײען דורכ איבער אַלע נאָוועלן, האָט דער שרײַבער איבערגעגעבן מיט לירישער צאַרטקײַט.

אין פאַרגלײַכ מיט אָט די נאָוועלן איז די ליבע אין „די ווענערע האָט געפינקלט“ געגעבן געוואָרן אַביסל וווּלגאַריזירט, כאָטש דער שרײַבער האָט זיכ דאָ באַמיט צו ריידן אין אַן איראָנישן טאָן.

„איכ דאַרפ האָבן, אַז מײַן באַרישניע זאָל מיר זײַן א שלאָגלערן, בא איר זאָל זײַן אַן אויסגעפילטער פּראָמפינפלאַן, עס מאַכט ניט אויס אַמאָל 10 פּרעמירט“— זאָגט דער פאַרליבטער מוישקע.

די געשטאַלטן-גאַלעריי בא דעכטיאַרן אין די אויבנדערמאָנטע נאָוועלן איז פאַרשיידענע העלדן פון אונדזער סאָוועטישערווירקלעכקײַט: אַרבעטער-שלאָגלער, פּאַראַשוטיסטקעס, אַזוי אויכ פּאַרטיזאַנער. דאָס זײַנען אַלץ מענטשן מיט שטאַרקע כאַראַקטערן. דער שרײַבער באַמיט זיכ אָבער ניט צו באַווײַזן די געשטאַלטן אַלזײַטיק.

די דאָזיקע רעאַליסטישע פּערסאָנאַזשן ווערן אין א באַשטימטער לאַגע ראָמאַנטיש דערהויבן. ער שטעלט זיי אַוועק ווי די דענקמעלער אויפן פּיעדעסטאַל און באַזינגט זיי.

אין אײניקע ערטער, ווי צ.ב., אין דער נאָוועלע „אונטער א דעמב“, איז, קעדיי בעסער פאַרשטאַרקן דעם אײַנדרוק, ווערן היפּערבאָליזירט די געשטאַלטן. די פּאַרטיזאַנער אין „אונטער א דעמב“ זײַנען געשילדערט ווי די הערקולעסן פון בירגער-קריג, אײַנגעהילטע אין אַן אָרנאַמענט פון מײַסעדיקײַט, וואָס קלינגט ווי א ווײַטע דערמאָנונג. אין זיי איז קאָנצענטרירט די פיזישע און מאָראַלישע קראַפט. זיי זײַנען די געזונטסטע און שענסטע אין פּאָלעסיע: אַרטיאָמקע איז „אויכ ווי א בוים, געזונט ווי א בער און מיט זײַנע לאַפּעס ברעכט ער אײַזן, שלינגט פײַער און נעכטיקט אין וואַלד ווי א פויגל...“ אַכוץ דעם איז ער „שײן ווי א רויז, א ברוינער קראַסאַוועץ“; דאָס זעלבע דער פּאַרטיזאַן טראָפימקע.

אין „דענקמאָל“ ווערט דער אינסטרוקטאָר כעמע מאַליאַווסקי באַשאָנקען מיט די שענסטע שטריכן און פאַרבן, כאָטש אים אַלײן זעט מען זייער ווייניק. אַפילע יודקע, וואָס איז געגעבן מער נאַטוראַליסטיש, ניט פאַראַלגעמײנערט, ווערט אויכ באַוויזן אין מאָמענטן פון פײַערלעכער דערהויבנקײַט. ווען יודקע, נאָכ לאַנגע רײַסערײַען

און איבערלעבונגען, באַשטימט אָנהויבן ערנסט אַרבעטן און גיין אין אַ געווע̈ט, ווערט ער ווי באַפרײַט פון אַלע קלײנלעכקײַטן, ווי פונסנײַ געבוירן. מיר זען פאַר זיך שוין נאָר אַן אַנדער מענטשן.

„יודקע האָט געשפּאַנט ווי אַ פּראַנטאָוויק, ניט אַרומגעקוקט זיך אַף די זײַטן. אַ רײנעם הימל האָט ער אַף זיך נאָר געזען. אַ רויטן שאָטן וואַרפט אָף די געבײַ. און אין סאַמע הויך, ווי אַף אַ לייטערל, איז געשטאַנען רובין, דער סעקרעטאַר פון פּאַרטקאָם, און געפאָכעט צו אים מיט דער האַנט...“ („מוליאַרעס“, ז. 36). אָט אַזוי ווײַזט דער שרײַבער זײַנע פּערסאָנאַזשן ניט אין וואָכעדיקײַט, נאָר אין אַ געוויסן אָרעאָל.

ס'איז זייער נאַטירלעך, וואָס דעכטיאַר באַזינגט און ניט נאָר ער באַזינגט, ער זינגט אויך מיט. מע קען עס פאָרמולירן מיט די ווערטער פון גאָרקיס אַ דערציילונג „די אַלטע איזערגיל“. די אַלטע איזערגיל זאָגט:

„מיר האָבן ליב זינגען, נאָר קראַסאַווצעס קענען גוט זינגען,—קראַסאַווצעס, וועלכע האָבן ליב לעבן. די, וועמען דאָס לעבן איז טײַער, אָט די זינגען...“

דעכטיאַר רײַסט זיך אַליין אַרײַן אינעם סיוזשעט מיט לירישע אָפּווייכונגען, וואָס דריקט אויס זײַן אייגענע באַציִונג צו דער זאַך, פול מיט עמאָציִאָנעלער אָנגעלאָדנקײַט און שטימונג. יאָנטעוודיק דערהויבן זײַנען ניט נאָר די פּערסאָנאַזשן, נאָר אויך דער גאַנצער אַרום. אַף שאַפן די פּײַערלעכע שטימונג קומט צוהילף דער פּייזאַזש. אָט ווערט געשילדערט אַ גאַנצער קאַנט פּאָלעסיע, וואָס איז אויפגעריכט געוואָרן פון די באָלשעוויקעס.

„אין הויכן הימל לויטערט זיך אַ זוניקער יול־טאָג. יאָנטעוודיק דערהויבן זעט אויס אַ קאַנט. עס וויגט אום זײַנע קרוינען דער שטאָלצער, רײַכער וואַלד. עס לופטערן אום פּאָנען, ווײַטע און נאָענטע שטעטלעך, קאָלווירטן. עס טוליען זיך איינע צו די אַנדערע שווערע קעפּלעך פון הויכע זאַנגען אין פעלד...“ („אונטער אַ דעמב“, ז. 78).

אין דער נאָוועלע „אַ דענקמאָל“ דערמאָנט זיך דער שרײַבער אָן זײַן היים, אָן זײַן טאַטע־מאַמע, וואָס געפינען זיך ערגעץ אין אַ שטעטעלע אין פּאָלעסיע. דאָ פּילט אויס אַ גרויסע פונקציע דער ספּעציפישער פּאָלעסיער פּייזאַזש, אָט ווערט די נאַטור געגעבן ווי אַ ברויזנדיקע סטיכיִע און אָט איז די נאַטור אַ מילדע, אַ צאַרטע.

דעכטיאַרן גיט זיך אײַן אין קאַרגע 2־3 שורעס איבערגעבן די פּײַערלעכע שטימונג פון אַ גאַנצער שטאָט.

„האָט זיך הײַנט אָנגעטאָן די הויפּט־שטאָט אין פּײַערדיקע אָוונט־קליידער מיט פינקלדיקע עלעקטראָ־לעמפּלעך, ווי בליאַסקענדיקע אָרדענס אַף איר ברוסט“ („צום דאָנבאַס“, ז. 120).

מיט דער זעלבער לירישער אימפּרעסיע גיט זיך אים אויך אײַן שילדערן די פּראָצעסן פון אַרבעט און ניט אַזוי די פּראָצעסן פון אַרבעט, ווי די מונטערע שטימונג בײַ דער אַרבעט.

„קילע פרימאָרגנס שטײַפן אויף דאָס לײַב, האַרט ווי לעבער ווערן מוסקולן; מיט וואַרעמע הענט רירט מען זיך צו צום קאַלטן טול אַף ווענט. עס צערינט

זילבערנער טױ אינ די פינגער. א געזונטנ פרימאָרגנ גיט דיר אָפּ דער עלעקטרישער הױבער, א ריס טאָנדיק פונ דער הױכ מיט א פולער פּלאַטפּאָרמע מאַטעריאַלנ. פרימאָרגנדיקע שטימענ מוליארישע גײענ אױפּ צום הימל אַזױ הױכ אונ קלינגעװדיק מיט װײַטנ פאַרלאָרענעם עכאָ“ („א דענקמאָל“, ז. 6).

אַזא אָפּטימיסטישע אונ פרײדפולע שטימונג רופט אַרױס ליבע צו אַרבעט. דער שרײַבער פאַרמאָגט א דינ אױג, אונ אַלצ, װאָס אים רינגלט אַרום, איז אים טײַער אונ אײגנ.

װי מיר האָבנ געזענ, װערנ רעאַליסטישע געשטאַלטנ, אָביעקטנ, סיטואַציעס אָפּ א לירישנ אױפנ ראָמאַנטיזירט, אָבער דאָס זײַנענ ניט קײנ סענטימענטאַלע איבערלעבעכצנ, דאָס זײַנענ באַפרישנדיקע, ערדישע געזאַנגענ װעגנ אונדזער ליכטיקער װאָר.

אָט די אימפּרעסיװע לירישע ערטער זײַנענ די דינאַמישסטע אונ קינסטלערישסטע די שטאַרקסטע אינעם בוכ. זײ דריקנ אױס די אידײ אינ דער נאָװעלע. דעכטיאַר װענדעט אָבער װײניק אכט אָפּנ סיוזשעט. ס'פּילט זיכ, אַז אים סטײַעט ניט קײנ געדולד פירנ די סיוזשעטישע ליניע, אונ דערפאַר איז די נאָװעלע אָפטמאָל צעצױגנ, ניט אַקצענטירט װי געהעריק.

„ביוסטנ“, איז, לױט אונדזער מײנונג, געבױט אָפּ ניט קײנ געלונגענעם סיוזשעט, מיט פאַרפּלאָנטערטע סיטואַציעס, אָנ דער געהעריקער אַקצענטירונג. דער סיוזשעט אינ דער נאָװעלע „קאַרטאָפל“ איז לײדיקלעכ, עס רעגט ניט. באַם איבערלײענענ די נאָװעלע קאַרטאָפל, דערװיסנ מיר זיכ, אַז:

„א האַלבע נאַכט האָט מענ גערעדט װעגנ קאַרטאָפל אונ נאָכדעם האָבנ מיר װעגנ קאַרטאָפל ניט גערעדט“. („קאַרטאָפל“, ז. 172). גלײַכער װאָלט געװענ, װענ מע נעמט זי ניט אַרײַנ אינ ביכל.

דעכטיאַרס שפּראַכ איז אױכ ניט פרײַ פונ פּאַראַזיטיזמענ. װער דאַרפ, צ. ב., האָבנ אַזא בילד:

„אָפּ א שטיקל „שטשעביאַנקע“ איז דאָס כראַקעלע געפאַלנ, געזאָדנ ביזנ לעצטנ טראָפּעלע“ („צום דאָנבאַס“, ז. 113). אָדער:

„ניט הײב קײנ שװערע קאָשיקעס, פּײריצע, דו קאָנסט זיכ נאָכ אונטעררײַסנ, ס'קאָנ װערנ א העטשקע“ („קאַרטאָפל“, ז. 170). אָדער:

„אונ עס רינט בא אים אַראָפּ א דינינקע סלינקעלע פונ דער אונטערשטער ליפּ װי א צעצױגענער מאַליאַס מיט א סקיבע ברױט“ („מוליאַרעס“, ז. 127).

עס װאַרפנ זיכ דורכ בא אים אינ דער שפּראַכ צופיל סלאַװיזמענ.

דעכטיאַר פאַרמאָגט אָבער, באַזונדערס אינ זײַנע לעצטע דערצײלונגענ, א רײַכנ שפּראַכלעכנ רעזערװ, װאָס קלינגט נײַ, װאָס גיט זײער אָפּט א גלאַנצ מיט פרישקײַט.

אינ „בױער“ האָט דער שרײַבער אינ דער מערהײַט נאָװעלנ אַרױסגעװיזנ קינסטלערישנ אײגנאַרט אונ לײַדנשאַפט. דאָס בוכ באַװײַזט, אַז דעכטיאַר איז א יונגער שרײַבער, װאָס האַלט אינ װאַקסנ.

# אינ קאמפ קעגנ דער טראָצקיסטיש־אווערבאכישער דיווערסיע אינ דער ליטעראטור

(אפ די שרײַבער־פארזאמלונגענ אינ מינסק)

סאָפ מײַ—אָנהויב יונ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ מינסק גרויסע פארזאמלונגענ פונ די סאָוועטישע שרײַבער אינ ווײַסרוסלאנד. ס׳איז אויכ פאָרגעקומענ א באזונדער פארזאמלונג פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

אינ צענטער איז געשטאנענ די פראגע פונ קאמפ קעגנ דער טראָצקיסטיש־אווערבאכישער דיווערסיע אינ דער ליטעראטור. ס׳איז פולקאָם קלאָר פאר יעדנ, אז די אווערבאכיאדע שטעלט מיט זיכ פאָר א פאָרויס־אויסגערעכנטע אונ געפּלאנירטע טראָצקיסטישע דיווערסיע אינ דער ליטעראטור. אווערבאכ אונ זײַנ קאָמפאניע האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ אינ דער ליטעראטור מיט א טראָצקיסטיש־באנדיטישנ מעסער, פארבאהאלטנ אונטערנ אָרעמ. זייערע ערשטע „אָרגאניזיר״־טריט האָבנ זיי געווענדעט אפ אָפּצורײַסנ די סאָוועטישע שרײַבער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, קעגנשטעלנ זיכ דער פארטיי־פּאָליטיק. דאָס טראָצקיסטישע פארזעעניש אווערבאכ האָט געטריבנ רעכילעס אפ דער קאָמוניסטישער פארטיי, אז די פארטיי האָט קלוימערשט ניט קיינ אויסגעהאלטענע פּאָליטיק בענעגייע די שרײַבער אונ דער ליטעראטור אונ דעריבער מוז ער, אווערבאכ, אפ זיכ נעמענ די פאראנטוואָרטלעכקײַט צו באשטימענ אונ קאָנקרעטיזירנ אזא פּאָליטיק. ער שטעלט ארויס אייגענע ליטעראטור־טעזיסנ, וועלכע ער האָט די כוצפּע אָנצורופנ מיטנ נאָמענ „אפּרעל־טעזיסנ״, ער „פארעפנטלעכט״ זײַנע אנ אייגענע ליטעראטור־ליניע אונ .רופט זי אָנ „גענעראלע ליניע פונ „ראפּפּ״ אונ זיכ זעלבסט טיטולירט ער „גענעראל־סעקרעטאר פונ „ראפּפּ״.

דער דאָזיקער טראָצקיסטישער קאריערעסט אונ אוואנטיוריסט האָט געוואָלט ספעקולירנ אפ דער טיפסטער סימפּאטיע אונ גרויס אכט, וואָס די ברייטע מאסנ ארבעטער אונ פויערים פילנ צו אָט די דאָזיקע טערמינענ, וועלכע פארקערפּערנ אינ אונדזער לעבנ גרונט־עטאפּנ פונ דער געשיכטע פונ באָלשעוויסטישנ קאמפ. די דאָזיקע טערמינענ האָט דאָס טראָצקיסטישע פארזעעניש, אווערבאכ, געוואָלט אויסנוצנ צוליב זײַנע שעדיקערישע צילנ. ער ריידעפט אונ יאָגט אלע סאָוועטישע שרײַבער, וואָס ווילנ זיכ דערנעענטערנ צו דער קאָמפּארטיי. ווענ אינ 1924 יאָר האָט א גרופּע

סאָוועטישע שרײַבער דערלאַנגט אין צק אלקפּ(ב) א מעלדונג וועגן זייער טיפסטער סימפּאטיע צו דער קאָמוניסטישער פּארטיי, האָט אווערבאך און זײַן קאָמפּאניע אופגעהויבן קעגן זיי א ווילדע העצע, קעדיי אזוי ארום אָפּרײַסן זיי פון דער פּארטיי און שטויסן זיי אָנאוזײַט פון דער סאָוועטנמאכט. דעריבער האָט ער זיך אזוי געמיט צו דיסקרעדיטירן דעם גרויסן פּראָלעטארישן שרײַבער, דעם געניאַלן וואָרט־קינסטלער א. מ. גאָרקי, דעריבער איז ער געקראָכן פון הויט, קעדיי צונישט מאכן אזוינע שרײַבער, ווי סעראפימאָוויטש, פורמאנאָוו א. אנד.

די אלע פאקטן פון אווערבאכס שעדיקערײַ זײַנען געווען באוווסט דער שרײַבערישער געזעלשאפטלעכקײַט פון ווײַסרוסלאנד, און דאָס האָט, פארשטענדלעך, געדארפט פארשארפן די וואכזאמקײַט פון די שרײַבער, צווינגען זיי ערנסט און טיפ ארײַנקוקן אין די אייגענע רייען, קעדיי אופצודעקן און אויסצוגעפינען אלע פארמאסקירטע סאָנים פון אונדזער לאנד און פאָלק. נאָך מער—די פארזאמלונגען זײַנען פאָרגעקומען אין א צײַט, ווען דאָס גאנצע לאנד האָט זיך אופגעהויבן אפ אויסצופילן די אופגאבע, וועלכע דער כאווער סטאלין האָט אוועקגעשטעלט פאר אונדז אלעמען—דאָס איז ליקווידירן די פאָלגן פון שעדיקערײַ אין אלע געביטן פון אונדזער ארבעט און קאמפּ.—דאָך, ניט געקוקט אפ דעם, האָט מען אפ אָט די אלע פארזאמלונגען גערעדט אויסשליסלעך נאָר וועגן די שוין פון לאנג אָן דעמאסקירטע סאָנים פון פאָלק, וועגן די קאָנטררעוואָליוציאָנערן־באנדיטן, וואָס זײַנען שוין באזײַטיקט געוואָרן פון אונדזער שעפערישן לעבן. אין אונדזער שרײַבערישער אָרגאניזאציע איז געזעסן א פארמאסקירטער סוינע פון פאָלק בראָנשטיין, וועלכער האָט זיך נאָך אלץ אזוי אקטיאָריש געפירט, אז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אפילע אין דער ביוראָ פון דער יידסעקציע און אפ דער אלגעמיינער שרײַבער־פארזאמלונג איז ער אפילע ארויסגעטראָטן מיט א „פּאָרטראג״ וועגן דער טראָצקיסטיש־אווערבאכישער דיווערסיע אין דער ליטעראטור. דער דאָזיקער סוינע האָט, פארשטענדלעך, דעם איניעם פארקריפלט, גערעדט אלגעמיינע פראזן וועגן שוין לאנג באוווסטע זאכן און אויסבאהאלטן די קאָנקרעטע טראָצקיסטישע און נאציאָנאל־פאשיסטישע שעדיקערײַ אין דער סאָוועטישער ליטעראטור פון ווײַסרוסלאנד, קעדיי אזוי ארום דעזאָריענטירן די פארזאמלונג און אָפּווענדן די שארפקײַט פון דער קריטיק אָנאוזײַט.

בראָנשטיין איז געווען דונעצס אידעאָלאָגישער מיטקעמפער, ווי ער האָט זיך אליין אָנגערופן אין אן ארטיקל. אָבער די אידיאָטישע קרענק פון זאָרגלאָזיקײַט האָט זיך אזוי אײַנגעוואָרצלט אין דער שרײַבער-אָרגאניזאציע, אז דער סוינע פון פאָלק בראָנשטיין איז ביזן לעצטן מאָמענט געווען דער סעקרעטאר פון שרײַבער-פארוואלטונג.

דונעץ און בראָנשטיין האָבן געפירט א פּאָליטיק אפ צעקריגן די יידישע סאָוועטישע שרײַבער פון באזונדערע רעפּובליקן צווישן זיך און אפ אזא אופן אויסבאהאלטן זיך. זיי האָבן אָרגאניזירט א וואקכאנאליע קעגן דעם כ׳ ליטוואקאָוו. מאסקירנדיק זיך מיט קלוימערשטער קריטיק פון כ׳ ליטוואקאָווס פעלערן, האָבן דונעץ און בראָנשטיין געפירט א ווילדע קאמפּאניע, א קאמפּאניע, וואָס האָט געהאט דעם ציל דיסקרעדיטירן די יידישע ליטעראטור פון סאָוועטנפארבאנד. די דאָ־

זיקע לײַט האָבנ געסאמט  די אטמאָספער פונ די שרײַבער, געפלאנצט גרופלערײַ,
כניפע, קעדיי אינ טומל טאָג ווייער „ארבעט“.
ווענ בראָנשטײנ פלעגט באמערקנ, אז עמעצער פונ די עלטערע סאָוועטישע
שרײַבער סטארעט זיכ דערנעענטערנ  צו דער סאָוועטישער ליטעראטור, פלעגט ער
אָפשטויסנ, אָפטרײַבנ דעמ שרײַבער. אימ האָט זיכ אָבער עס ניט אײַנגעגעבנ,
ווײַל דער עמעס פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, די שעפערישע ווירקונג פונ
דער באָלשעוויסטישער פארטיי פלעגט שטענדיק צונישט מאכנ בראָנשטיינס „קריטיק“.
דערפאר אָבער האָבנ דונעצ אונ בראָנשטײנ געשטיקט יעדער קריטיש וואָרט
קעגנ זיי. דונעצ, אשטײגער, האָט געהאט די כוצפע אפ אנ אויסשטעלונג אינ
לענינ־קלוב זיכ ארויסשטעלנ אלס אײנעמ פונ די ערשטע גרינדער פונ דער ייִדי־
שער קאָמוניסטישער פרעסע. דונעצ האָט  עס ארײַנגעפירט אינ דער ייִדישער לי־
טעראטור פונ ווײַסרוסלאנד דעמ פאשיסטישנ פראָוואָקאטאָר זיסקינד ליעוו. אפ זיס־
קינד ליעווס נאָמענ האָט מענ, לויט דונעצס איניציאטיוו, געשאפנ בריגאדעס אפ די
זאוואָדנ פונ מינסק. זיסקינד ליעווס פיעסנ האָט מענ געשפילט אינ ייִדישנ מעלוכע־
טעאטער פונ ווססר.
דער זשורנאל „שטערנ“ איז באגאנגענ א גרויסנ פאָליטישנ פעלער, וואָס שוינ
נאָכ דעמ סיגנאל אינ „אָקטיאבער“ האָט ער אָפגעדרוקט זיסקינד ליעווס א דער־
ציילונג מיט א בילד.
די פארזאמלונג פונ די שרײַבער האָט מיט רעכט אָנגעוויזנ, אז די כאווײרים
כאריק, קאבאקאָוו אונ אנד., וועלכע האָבנ ניט דעמאסקירט באצײַטנס די דאָזיקע
סאָנימ פונ פאָלק, זאָלנ איצט אינ א גאָר נײַער שײַנ באטראכטנ אונ אופדעקנ די
שעדלעכע „טעטיקײַט“ פונ די סאָנימ דונעצ אונ בראָנשטײנ.
די כאווײרימ שווערדיק, מאלטינסקי, גרוביאנ אונ אנד. האָבנ דערציילט אפ דער
פארזאמלונג, ווי זיסקינד ליעוו פלעגט די יונגע שרײַבער באדויערנ, וואָס זיי דרייענ
זיכ קלוימערשט  ארומ אָנ אָנפירונג אונ האָט זיי גערופנ צו זיכ, צוגעזאָגט הילפ אונ
שטיצע. איצט איז אינגאנצנ קלאָר,  אז דער פאשיסטישער פראָוואָקאטאָר זיסקינד
ליעוו האָט געהאט  דעמ ציל  צו פאנגענ אינ זײַנע פאשיסטישע נעצנ די יונגע
שרײַבער.
בראָנשטײנ פלעגט בראווירנ מיט דעמ,  וואָס ער שרײַבט שוינ ניט די לעצטע
יאָרנ וועגנ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, ער האָט מיט דעמ געמיינט צו
פארדעקנ זײַנ נאציאָנאליסטישנ פארצעפ אונ פלעגט נאָכ פרוווּנ באשולדיקנ אינ
נאציאָנאליזמ די כאווײרימ,  וואָס פלעגנ אָנווײַזנ אימ אפ דעמ. אינגדערעמעסנ האָט
דונעצ אונ בראָנשטײנ זיכ ארײַנגעריסנ אויכ אינ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור אונ
אויכ דאָ געשעדיקט. דונעצ איז געוואָרנ דער רעדאקטאָר פונ דער צײַטונג „ליטע־
ראטורא אי מאסטאצטווא“, בראָנשטײנ—א פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר פונ דער
פארוואלטונג פונ שרײַבער־פארבאנד אינ ווײַסרוסלאנד.
בראָנשטײנ האָט זיכ גלײַכ גענומענ רעקלאמירנ אונ פאָפוליארוזירנ די קאָנטר־
רעוואָליוציאָנערע נאצדעמישע שרײַבער, ווי זארעצקי, בארטאָנאָוויכ, סקריהאנ אונ
אנדערע,  וועלכע זײַנענ איצט אופגעדעקט געוואָרנ אלס פארביסענע סאָנימ פונ
פאָלק. יעדנ פונ אָט די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ האָט ער פאָרויסגעזאָגט א גוטע

פערספעקטיוו, אנ אָנגעזעענעמ אָרט אינ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראטור.

אינ זײַנ ארטיקל וועגנ ביאדוליעס „סאָלאָוויי”, פונקט ווי וועגנ אָרלאנדס „הערבליעס”, פרווט בראָנשטיינ באשמוצנ די פאָלקלאָר־עלעמענטנ אינ זייערע ווערק.

בראָנשטיינ האָט אויכ געפרווט אראָפּרײַסנ די ייִדישע קלאסיק. זײַנע טראָצקיסטישע שרײַבעכצנ וועגנ דער קולטור־ירושע האָבנ געבראכט גענוג שאָדנ.

אפ די פארזאמלונגענ פונ די שרײַבער האָט מענ זייער פיל גערעדט וועגנ אלעקסאנדראָוויטשעס שעדלעכער ארבעט. אלעקסאנדראָוויטש האָט א שטיק צײַט האנט בא האנט געארבעט מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערע נאצדעמענ, לויט זייער אופטראָג האָט ער אָנגעשריבנ זײַנ פאָעמע „צעני נא סאָנצע”. אלעקסאנדראָוויטש האָט אויכ אָנגעשריבנ א קאָנטררעוואָליוציאָנערנ „אקראָ־סטיכ”, וועלכנ ער האָט איבערגעדרוקט אינ 1933 יאָר און געוואָלט איבערדרוקנ אינ 1937 יאָר. די פארזאמלונג האָט דעריבער באשטימט ארויסצופירנ אלעקסאנדראָוויטשנ פונ דער פארוואלטונג פונ שרײַבער־פארבאנד אונ שטעלנ די פראגע פאר דער פארוואלטונג פונ אלפארבאנדישנ שרײַבער-פארבאנד וועגנ אויסשליסנ אימ אויכ פונ דער אלפארבאנדישער פארוואלטונג.

דער שרײַבער־פארבאנד האָט אָנגעהויבנ די גרויסע ארבעט פונ אָפּצופרישנ די שעפערישע אטמאָספער, אָפּצורייניקנ זיכ פונ אלע קאָנטררעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ.

עס איז זייער נויטיק אופדעקנ די גאנצע „ארבעט” פונ בראָנשטיינענ אונ דונעצנ, וועלכע האָבנ געשעדיקט סײַ אינ דער ייִדישער אונ סײַ אינ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור.

די ליטעראטורנ פונ אלע פעלקער האָבנ גרויסע דערגרייכונגענ, וועלכע האָבנ זיכ באזונדערס ארויסגעוויזנ די לעצטע 5 יאָר זינט עס איז ליקווידירט געוואָרנ דער „ראפפ”. ענערגיש מוזנ זיכ איצט נעמענ די שרײַבער גרייטנ צומ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. זיי מוזנ קומענ מיט גרויסע ווערק צו דער דאָזיקער היסטאָרישער דאטע. די שרײַבער האָבנ די בעסטע מעגלעכקײַטנ פאר דעמ. די סאָוועטנמאכט אונ די קאָמוניסטישע פארטיי גיט אונדז אלע מעגלעכקײַטנ אפ וואקסנ אונ שטײַגנ. מיר מוזנ מיטנ גאנצנ באָלשעוויסטישנ ערנסט אויספילנ די אופגאבע, וועלכע דער כאווער סטאלינ האָט ארויסגעשטעלט אינ זײַנ רעדע אונ שלוס־וואָרט אפנ פעוורא־פלענומ פונ צק אלקפ(ב), דאָס איז—ליקווידירנ די פאָלגנ פונ דער שעדיקערײַ אונ דעמלט וועלנ אונדז ניט זײַנ שרעקלעכ קיינ שומ פײַנט, „ווארומ מיר וועלנ זיי צעקלאפּנ אינ דער צוקונפט אזוי ווי מיר צעקלאפּנ זיי בא איצטיקער צײַט, אזוי ווי מיר האָבנ זיי צעקלאפּט אינ דער פארגאנגענהײַט” (סטאלינ).

# אינהאלט



---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר — [redacted]
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, אָ. בער, [redacted], [redacted] ל. ראָזענהויז.

גלאחליטבעל 263 דרוקעריי א. נ. סטאלינ באשטעלונג 791

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.